מאַקס ר. ווילנער

פרעזענטירט

# יעדעפרוי

## וויא זיא זוכט ליעבע

אין 5 געזענגע

„זייט באַרעמהערציג, זייט גערעכט, זייט ליבעראַל
צו יעדעפרוי, צו יעדער צייט און איבעראל.
איהרע פעהלערען זענען פיעל, ניעמאַנד איז דאראַן שולד.“

פון וואלטער בראון. איבערזעצט פון הענרי מ. גאסטווירטה

מוזיק איינשטודירט פון ה' י. ברווידי

מיט־דער ערלויבניס פון הענרי וו. סאוויידזש.



אויפגעפיהרט, איינשטודירט און אויסגעשטאטעט אין
דייוויד קעסלער סעקאַנד עוועניו טהעאַטער
פון הערר דייוויד קעסלער

1911

ליפשיץ פרעסס, 49-51 לאפאיעט סט., ניו יאָרק.

# פערזאָנען

| | | |
|---|---|---|
| ניעמאנד | | הערר דייוויד קעסלער |
| יעדעפרוי | | מאדאם לאָבעל |
| יוגענד | יעדעפרוי'ס פריינדינען | מאדאם יאָנג |
| שענהייט | | מאדאם ווילענסקי |
| אונשולד | | מיסס לובריצקי |
| שמייכעליי | | הערר היימאן |
| ווארהייט, א העקסע | | מאדאם טאָביאס |
| קעניג ליעבע דער ערשטער | | הערר ראָזענשטיין |
| בלאָף | טהעאטער מענעדזשערס | הערר בערנשטיין |
| סטאף | | הערר טאָביאס |
| פאף, א רעפּאָרטער | | הערר סימאָנאָף |
| רייכטהום, א מיליאָנער | | הערר יאָנג |
| דומהייט, אן עדעלמאן | | הערר שווארץ |
| געוויסען | | מאדאם אָרלאָוו |
| ליידענשאפט, א שוישפּיעלער | | הערר יאָוועליער |
| צייט, א שיק־יונגע | | הערר נאדאלסקי |
| אלטער | | הערר גילטמאן |
| זינד | | מיסס בילאָוויץ |
| אייטעלקייט | | מאדאם נאלדאלסקי |
| זעלבסט | | מאדאם בריה |
| האבזוכט | | מאדאם הערמאן |
| געזעץ | | הערר גארמיזא |
| אָרדנונג | | הערר בערגמאן |
| וואהלטהעטיגקייט | | הערר שנורמאכער |

מוזיק אונטער דער לייטונג פון ה' ברוידי.

מאַקס ר. ווילנער

פרעזענטירט

# יעדעפרוי

## וויא זיא זוכט ליעבע

### אין 5 געזענגע



פון וואָלטער בראון. איבערזעצט פון הענרי מ. גאַסטווירטה.
מוזיק איינשטודירט פון ה' י. ברוידי
מיט דער ערלויבניס פון הענרי וו. סאווייזש.

אויפגעפיהרט, איינשטודירט און אויסגעשטאַטעט אין
דייוויד קעסלער סעקאָנד עוועניו טהעאַטער
פון העררן דייוויד קעסלער.

1911

# ערשטעס געזאנג

(יעדעפרוי׳ס וואָהנונג. רייך מעבלירט, אַ גרויסעס פענסטער לינקס, דערנעבען אין הינטערגרונד אַ שפּיעגעל, אין דער מיטטע שטיעגען. אַלעס פאַנטאַסטיש דעקאָרירט.)

(ניעמאַנד ערשיינט פון אונטער׳ן פאָרהאַנג.)

ניעמאַנד. גוטע פריינדע, און דיא האָב איך נישט וועניג,
וועלכע ליעבען מיך זעהר און זענען מיר אונטערטהעניג,
ערשטענס וויל איך פאָרשטעלען מיך פאָר אייך.
איך בין ניעמאַנד, אַ טרויעריגעס וועזען,
וועלכער דאָס שיקזאַל פון פרויען קען ריכטיג לעזען.
ווייל ער זעהט אַלע פערבאָרגענע געדאַנקען גלייך.
וואָס דאָ וועט פאָרקומען היינט ביינאַכט,
פערגעסט ניט צו נעהמען אין אַנבעטראַכט
אַז יעדעפרוי איז אַן איינפאַכעס מעדכען געוועזען אמאָל.
אויב פיעללייכט זיא וועט ווערען פערפיהרט,
אַליין וועט זיא ווערען דערפאַר שטראָפירט.
און ניעמאַנד וועט וויסען איהרע ליידען אָהן צאָהל.
איך בעט אייך גערולדיג צו זעהן וואָס דאָ וועט פאַסירען ;
זאָל ניעמאַנד איבער אייער אורטהייל רעגיערען,
ווייל ניעמאַנד ווייסט וואָס איז שעהן און גערעכט.
וועט דאָס אייך בעליידיגען, בעשולדיגט דאַן מיך ;
וועט עס געפעלען פערזיכער אייך איך
אַז ניעמאַנד קימערט זיך אויב עס איז גוט אָדער שלעכט. (פאָרהאַנג העבט זיך אויף. ער שטעלט זיך אין אַ ווינקעל).

(יוגענד, שעהנהייט און אונשולד זינגען. קאָהר טאַנצט לינקס.)

געבאָרען פון זאָנענשטראַהל׳ס לוימערקייט,
יוגענד, אונשולד און שעהנהייט,
דריי שעהנע מיידלעך וויא איהר זעהט,
יעדע שמעקט מיט זאָנענשיין.
געפלאָכטען ביינאַנד אַלס ראָזען־קייט,
אונשולד יוגענד און שעהנהייט,
קושט איינע פון אונז אין דער ברייט,
ווייל צו קושען איז זעהר פיין.

שעהנהייט איז נור צום קושען געמאַכט,
דאָס האָט קיין נאַרר אויסגעטראַכט.
צו קושען יוגענד איז אויך אַ פּראַכט,
זאָל ניעמאַנד זיין דערביי.
און טראָץ דעם אַלעם וואַג עס ניט,
ווען זאָגאַר ניעמאַנד איז אין דער מיטט.

ווייל אונשולד אַנטלויפּט מיט שנעלע שריטט,
דיא שענסטע פון אונז אַלע דריי.

דריי דומע מיידלעך שעהנע זעהט,
אונשולד, יוגענד און שעהנהייט,
אָבוואָהל נאָר דיענסטען, איהר פערשטעהט,
יעדעפּרוי פאָלגט אונז פּאָרט,
ווען זיא געהט שלאָפען יעדע נאַכט,
אויף אין פריהמאָרגען ווען זיא ערוואַכט
עמפּפאַנגט זיא אונז אַלע מיט גלאַנץ און פּראַכט.
יעדעפּרוי דאַרף אונז דאָרט.

ניעמאַנד. יוגענד, שעהנהייט, אונשולד, איך בעט אייך הערט אויף, מיט אייער זינגען און אייער טאַנצען. עס איז וואַהר אַז יעדעפרוי דאַרף אייך. עס איז וואַהר, אייער דאַזיין מאַכט פרעהליך דיעזע היים איהרע, אָבוואָהל איך, ניעמאַנד בעלעסטיג זיא יעדע נאַכט מיט מיין אַנוועזענהייט ווען זיא איז אַליין.

אָבער איהר האָט דאָך פיעל טיעפערע מיסיאָנען וויא אַזוי צו טאַנצען: בעדיענונג פיר יעדעפרוי. יוגענד, וואָס ברענגסטו?

יוגענד. איך ברענג יעדעפּרוי גליקזעליגקייט.

ניעמאַנד. גליקזעליגקייט! באַה! דו ברענגסט נאַרישקייט, יוגענד. און מען דאַרף דיר אָנטהון אַ מיצעל מיט גלעקלעך. שעהנהייט וואָס ברענגסטו?

שעהנהייט. איך ברענג איהר בעוואונדערונג, פערעהרונג, פריידע.

ניעמאַנד. נישט וואַהר! דו ברענגסט פון איהר אייגענעם געשלעכט, נייד, האַסס פיר יעדעפרוי. און אונשולד, וואָס איז דיין מיסיאָן, אונשולד?

אונשולד. דיא וואַרהייט געזאָגט איך וויים נישט, איך בין געקומען מיט יוגענד און שעהנהייט.

ניעמאַנד. קלאַממער דיך פעסט צו זייערע קליידער, זאָנסט קענען זיי זיך נאָך אויסגליטשען פון דיינע הענד, פּאַסס אויף! טרויע ניעמאַנד!

אונשולד. געוויס, געוויס.

ניעמאַנד. דיא נאַכט איז פערשוואונדען און יעדעפּרויי, ערוואַכענד פון איהר דרעמעל בעלייכטעט זיא אַ ווינקעל וועלכעס איז פריהער געווען דונקעל.

(יעדעפּרוי לאַכט דרויסען).

הערט! אזוי וויא דאָס געזאַנג פון דער לערכע רופט אוים דעם אָנקומענדען טאָג, אַזוי ערוועקט יעדעפּרוי'ס געלעכטער זאָנענשיין, וואָלט איך נישט געווען ניעמאַנד, וואָלטען איהרע פרעהליכע טענער מיט ענטציקונג דירכ־נעדרונגען מיין זעלע.

(יעדעפּרוי ערשיינט אויף שטיעגען, וויים גריכיש געקליידעט, האָאר צולאָזען, וואַרפט קושען דורך דער טהיר).

יעדעפּרוי. לעבט וואָהל, איהר זיסע ענגלען פון טרוימענלאַנד, לעבט מיר וואָהל!



יוגענד, שעהנהייט, אונשולד, איך בעט אייך, הערט אויף מיט אייער זינגען און אייער טאנצען.



לעבט וואָהל, איהר זיסע ענגלען פון טרוימענלאַנד, לעבט מיר וואָהל !

ווען עס ווערט טאָג, זעהט, יעדעפּרוי לאַכט פון אייך, אין מיינע טרוימען האָב איך געמיינט איך בין א בלום, און דאַן באַלד בין איך געוועזן א שטערען, צו וועלכען מענער האָבען זיך געבוקט מיט פערגעטערונג, דאַן ווידער האָב איך געמיינט אז איך בין א קעניגין. דער אַנקומענדער טאָג האָט נאָך בראַווערע געשיכטען צו ערצעהלען, ווייל, זעה! איך בין א פרוי, און צו זיין א פרוי מיינט בלומע, שטערן, קעניגין — און מעהר, פיעל מעהער אויסער דעם. (זעהט דיא מיידלעך וועלכע נייגען זיך). הא! דאָ זענט איהר!

(קומט אַרונטער) ווילקאָממען, זיסע פריינדינען מיינע, זעהר ליעבליך גריסט אייך יעדעפּרוי. דו זיסע יוגענד, ווען איך האָב צום ערשטען מאָל בעגעגענט ביי מיין מוטערס קניע, (נעהמט איהר האַנד) דו ווייסט, מען זאָגט

איך האָב דיך גע'גנב'עט פון איהר. און דארום איז זי געוואָרען גרוי?

יוגענד. ניין, יעדעפּרוי, זיי גערעכט צו דיר אליין. דיין מוטער האָט גוט געהייראַטעט און זיא האָט געהאַט קינדער, וואָס נאָך האָט זי געדארפט יוגענד?

יעדעפּרוי. אבער ווע‌סטו מיך ניט פערלאַססען, זיסע יוגענד? אויך נישט דו, מיין שעהנהייט? (נעהמט שעהנהייטס האַנד) וואָלט איך זיך נישט געשראָקען אז איך וועל זיי ביידע בעליידיגען, וואָלט איך גערופען שעהנהייט יעדעפּרוי'ס בעסטע פריינדין טראָץ דעם וואָס מאַנכע דענקען אז דו ביזט נישט לאַנג דויערנד. (צו אונשולד) אונשולד, קום אהער, (נעהמט איהר האַנד) ניין, לאָז ניט אראָב דיין קאָפּ, דו ביזט ווילקאָממען, אָבוואָהל דו ביזט צופעלליג צו מיר געקומען שפּעטער פון דיינע פריינדינען. ווען ביזטו געבוירען געוואָרען, זיסע אונשולד?

אונשולד. דיא ווארהייט געזאָגט, איז ווייס נישט; ווען אָדער פון וואַנען איך בין געקומען קען איך נישט זאָגען, ניעמאַנד ווייסט!

יעדעפּרוי. ניעמאַנד? דער קערל ווידער דאָ? זעה נאָר וויא ער קעהרט זיך אָב, אזי וויא ער וויל אונז פערשטעללען פון זיינע אויגען (ערנסט) איך האָס ניעמאַנד!

אונשולד. אבער ווארום?

יעדעפּרוי. ששש! איך וועל אייך זאָגען א געהיימניס (נעהמט זיי אַרום זיך) ניעמאַנד איז פערליעבט אין מיר!

שעהנהייט (ערשראָקען). אָה! דאָס איז ווירקליך שרעקליך!

יוגענד. בערענק דיך נור, ווען ניעמאַנד זאָל דיך הייראַטען!

יעדעפּרוי. איך שווער אייך, דאָס וואָלט געוועזן געגען מיין וויללען. אין דער ווארהייט דענק איך, אז אזוי לאַנג וויא איך האָב אייך, מיין יוגענד און שעהנהייט, (נעהמט אַרום יעדע פון זיי מיט האַנד) וועל איך זיכער קענען אויסמיידען אזא שרעקליכען שיקזאל, און דאָך פיהל איך מיך אונגליקליך ווען ניעמאַנד איז נעבען מיר.

יוגענד. און איך אויך.

שעהנהייט. און איך אויך!

אונשולד. איך פיהל מיך זיכער מיט איהם.

יעדעפרוי. דו האָסט רעכט, אונשולד איז זיכער מיט ניעמאנד, און דאָך ווען ניעמאנד איז דאָ צו וואָס דאַרף יעדעפרוי אונשולד?

אונשולד. דאַן בעט איך דיך, הייס איהם אוועקגעהן.

יעדעפרוי. יא, איך וועל עס טהון. (צו ניעמאַנד) דאָס, מיין הערר, איז יעדעפרוי'ס היים, אין וועלכע ניעמאנד וואַגט אריינצוקומען אונגעלאַדען, ניעמאנד שטערט אונז דאָ. (צייגט צום פענסטער) געה!

ניעמאַנד (קומט צו טראַגיש). יעדעפרוי! (די מיידלעך צולויפען זיך מיט אַ קוויטש) עס וועט קומען אַ צייט ווען דו וועסט זיין פערלאַסען פון יוגענד, פערשטויסען פון שעהנהייט און פון אונשולד פערגעסען, דאַן וועסטו וויסען אַז ניעמאנד איז דיין פריינד, עס וועט זיכער קומען אַ צייט ווען דו וועסט זיין מיעד און פערמאַרטערט פון וועלטליכע זאָרגען, דאַן וועסטו ניעמאנד ליעבען. דיר וועט קומען אַ צייט ווען דו וועסט שרייען נאָך הילפע, נאָך רוהע, ניעמאנד וועט קומען, ווען אויף דיעזער ברוסט וועט דיין צו־וועהטאָגטער קאָפּ רוהען, וועט ניעמאנד דיינע טרערען אָבווישען.

מיידלעך. אה!

ניעמאַנד (ווענדעט זיך צו יוגענד). דו, יוגענד, דיינע קושען וועלען פערליערען זייער געשמאַק. היט דיך פאַר צייט! (צו שעהנהייט) שעהנ־הייט, דיינע באַקען וועלען פערוועלקען, ווען ראָזענבלעטער פאַללען. (צו אונשולד) אונשולד, מערדער ליעגען און וואַרטען אויף דיר. (געהט אַרויף) געדענקט, ניעמאנד האט אייך געוואַרנט, ניעמאנד האט געשפּראָכען. זייט זיכער עס איז וואהר! (אב.)

יעדעפרוי. באה! אַ דורכגעטריעבענער לומפּ, דער מאַן! זיינע דראָהונגען זיינען לעכערליך. איך דענק, איך האָב געדאַרפט געברויכען אַ פרוי'ס וואַפּע אויף זיין שפּאָטענדען געזיכט, ווען נישט דו, מיין אונשולד, דו האָסט מיך צוריקגעהאַלטען.

יוגענד. מיינע קושען וועלען פערליערען זייער געשמאַק! אַזעלכע דומהייטען!

שעהנהייט. מיינע באַקען וועלען פערוועלקען! איך שעהם מיך גאָר צו דענקען דערפון.

אונשולד. אַ פעררעטהערישער טויט פאַר מיר! וויא מיידעט מען דאָס אוים?

יעדעפרוי. איך דענק דו האָסט געדאַרפט אָנטהון אַ פּאַנצער, אונשולד, אונטער דיין קלייד, וועלכעס מיט דיא קרייזלעך און פעלבלעך פּאַסט גאָר נישט צו דיין נאַטור. זעה נאָר, דו ביזט דאָך געקליידעט מיט דעם זעלבען פראַכט און גלאַנץ וויא דיינע פרעהליכע פריינדינען. פוי, פרייליין אונשולד! (לאַכט, געהט צום שפּינראָד).

אונשולד (בעהאַלט איהר געזיכט אויף שעהנהייטס ברוסט). איך ברען מיט שאַנדע.

שעהנהייט. ניין, יעדעפרוי, מיר שיינט דו בעליידיגט אונזער שוועסטער אונשולד אונגערעכט. וואָרום זאָל זיא טרויערען. זאָל זיא געהן אין זאַק־קליידער, אָדער טראָגען אַ פּאַנצער?

יוגענד. שעהנהייט האָט רעכט, וואהרע אונשולד, בעוואָפענט מיט




ניעמאַנד האָט געשפּראָכען, זייט זיכער עס איז וואהר.

דער קליינער שטערען ביי טאגעס־ליכט
האט פערלוירען זיין העלל געזיכט.
לאנגזאם האט זיך זיין גלאנץ פערדארבען,
פון זאנענשיין געשטארבען.
פון זאנענשיין געשטארבען.
דאך אויב א שטערען א זעעלע האט
זאגאר אין הימעל נעבען גאט
וועט צו שיינען ניט אויפהערען
דאס ליכט פונ'ם קליינעם שטערען.

יעדעפרוי. נו, גענוג! גענוג! נעם דאס אוועק.ווארט ביז איך וועל דיך רופען. (געוויסען אב) אה! איך בין שוין מיעד צו זוכען ליעבע. וואס האט ער געזאגט זיין געזאנדטער, שמייכעליי? יא, ער האט געזאגט — „ער קומט אינקאגניטא". דאן איז דאך מעגליך אז ער טראגט א מאסקע. איך האב דאס זעלבע בעמערקט ביי ליידענשאפט, דעם שוי־שיעלער. ניע האב איך נאך דאס ווירקליכע געשטאלט פון זיין געזיכט געזעהן.

ליידענשאפט (דרויסען). יעצט וועט אן אונווידערשטעהליכער שטראם פון מיין פערלאנגען אויסברעכען פון זיינע ברעגען אין פערפלייצונגען פון ליעבע און פייער.

יעדעפרוי. עס איז ער, ליידענשאפט! וויא קומט עס וואס איך ציטער ווען ער קומט אהער? מיין מאנטעל — ווארום האב איך איהם נישט איבערגעלאזט דא? נישט ווייל עס איז מיר קאלט. איך ברען, איך וויל מיך בעהאלטען. (וויל זיך בעהאלטען אונטערן שטיין).
(ליידענשאפט ערשיינט אין א מאסקע.)

ליידענשאפט. יעדעפרוי קום אהער! ווארום זיך בעהאלטען ווען ליידענשאפט קומט אן?

יעדעפרוי (מיט שרעק). ביזט דו ווירקליך קעניג ליעבע?

ליידענשאפט. דו אליין דארפסט געפינען דיין קעניג, קענסטו דיא שטימע פון ליעבע, ליעבעס שפראכע? וויא צו יונגפרויען, ווען זיי זענען אין זיסע רוהע, קומט ער? לעהן דיך דערווייל צו ביי דעם פעלז, וועהרענד איך וועל מיין ליעד איבערזינגען. (פיהרט זיא צום שטיין.)

יעדעפרוי. ביזטו זיכער מיין גוטער הערר אז דאס וועסטו בלויז איבערזינגען פאר א פראבע?

ליידענשאפט. א פראבע איז עס אין דער ווירקליכקייט. און איבונג מאכט פאלקאמען דעם ליעבעס־קראנקען יונגלינג.

(יעדעפרוי לעהנט זיך צו ביים שטיין. אונשולד זעהט זיך שוואך אין שטיין. ער זינגט.)

ליידענשאפט.

דיא זון שיינט אויף דעם יונגען שנעע
זא צערטליך און געטריי,
פון יעדען טראפען וועט באלד, זעה,

אַ טהוי פון דאָס ניי.
אַ טהוי פון דאָס ניי.
דיא ביען זייגט האָניג פון דער בלום
אומאַרמט זיא מיט פרייד.
זיא טרינקט איהר ווײן שטיל און שטום
ערקוויקענד פון איהר זיסקייט.
זיי דו דער שנעע און דיא זון איך,
דער טהוי אַ פרעהליכער טרער;
זיי דו דיא בלום, פאַר ביען מאַך מיך,
ווייל ליעבע איז מיין בעגעהר.
קום שוין צו מיין הערצען,
ענטציקענד מיך בעגרים,
און דאַן וועלען דיינע שמערצען
זיך פערוואַנדלען אין איין קים.

(ער בייגט זיך צום שטיין, קושט יעדעפרוי.)

יעדעפרוי (וויא אין טרוים, אומאַרמט ליידענשאַפט). ביזטו ווירקליך מיין קעניג?

ליידענשאַפט. איך בין דיין קעניג. דו ביזט דיא קעניגין פון ליעבע.

יעדעפרוי. אָה, ענדליך געפונען!
ענדליך אומאַרמען מיך ליעבעס אַרמען.
און אַזוי גאַנץ פרייוויליג בעצאָהלט יעדע פרוי
דיא שולד פון איהר פרויענשאַפט. (קושט ליידענשאַפט) אָה, עס איז זים
צו הערען דיא שטימע פון שמייכעליי, צו ווערען אַנערקענט
אַלס זיעגער אין דיא שלאַכטען וועלכע פרויען אונטערנעהמען.
זים איז דער טריאומף פון אַ פרוי! אבער וויא זים
וויא דאָפּעלט זים ווען זיא איז בעזיעגט! ווען זיא גיט זיך אונטער צו דער מאַכט, צו דעם העלדענמוטה, צו דער אונבעזיעגבאַרער מאַכט, צו דער עדלער קראַפט פון ליעבע, דעם זיעגער!
ליעבע, איך בין דיין! (קושט איהם).

אונשולד. יעדע פרוי, לעבוואָהל! אַדיע!

ליידענשאַפט. יעמאַנד שטערט אונז דאָ. האָסטו נישט געהערט?

(אונשולד פערשווינדעט.)

יעדעפרוי. דאָס איז אונשולד.
אונשולד וואַרנט מיך ווידער. און אין דער צייט ווען זיא זיפצט
„לעבע וואָהל“ ברענען אויף מיינע ליפען ליידענשאַפט׳ס קושען.
קושען האָב איך פערלאַנגט, אָה גאָט! איך האָב פערגעסען אונשולד.

ליידענשאַפט. ניין, האָרך זיא נישט. (וויל זיא אומאַרמען.)

יעדעפרוי. אַוועק! איך צווייפעל אין דיר, איך שרעק פאַר דיר יעצט,
ביזטו עהרליך? דאַן וואַרום טראָגסטו אַ מאַסקע?
צייג מיר דיין געזיכט, דו ווילסט נישט? דאַן וועל איך אַזוי
הערונטעררייסען דיין מאַסקע! (רייסט זי אַראָב)

רייכטהום. דומהייטען! רייכטהום קען אַלעס קויפען. דו, יוגענד, קום אַהער! זאָג מיר, וואָס איז דאָס דיא ליעבע וועלכע יעדעפּרוי זוכט?

יוגענד. ליעבע איז אַ קעניג.

רייכטהום. נו, דאַן וועל איך איהם קויפען.

יוגענד. קעניגע קען מען נישט קויפען.

רייכטהום. האָ, האָ! דאָס איז בלויז דיא מיינונג פון יוגענד. (צו סטאָף) פּסט, סטאָף! וויא קען איך קריעגען דיא זאַך, וועלכע רופט זיך ליעבע?

סטאָף. דיא קענסט קיין ליעבע קריעגען. (שטרעקט אוים דיא הענד) ווען דו האָלסט דיינע הענד אין דיינע טאַשען.

רייכטהום. דאָס איז מיין געוואָהנהייט — ווען דיינע הענד זענען נישט ווייט פון מיר. האָ! דאָרט איז אַלטער, ער בעזיצט פיעל וויזהייט, אָבוואָהל ער האָט וועניג פערשטאַנד. אַלטער! איין וואָרט אין דיין אויער.

אַלטער. וואָס זאָגסטו? רעד העכער, מען זאָגט אַז געלד שרייט, און דאָך רייכטהום רעדט צו מייסטע מענשען אַזוי שטיל אַז מען הערט איהם גאָרנישט.

רייכטהום. ווייסטו וואָס ליעבע איז?

אַלטער. יאָ, אַמאָל האָב איך געוויסט. אבער ליידער, יעצט איז ליעבע טויט.

רייכטהום (אַפּאַרט). ליעבע טויט! און יעדעפּרוי ווייס עס נישט. מיר שיינט איך האָב אַ טהייערע אידעע. איך, רייכטהום, וועל שפּיעלען דיא ראָלע אַלס ליעבע. איך וועל אָננעהמען זיין טיטעל, זיין נאָמען, און יעדעפּרוי וועט זיכער איינשטימען צו זיין מיין.

יעדעפּרוי (קומט צו). קומט, פריינדע, צום לעצטען אבשיעדס־טרינק. (יעדער נעהמט אַ גלאָז.)

דומהייט (בעזאָפען). יאָ, אַ פול גלאָז! און איך וועל זינגען אַ ליעד.

יעדעפּרוי (לאַכט). יונגע, דו האָסט געטרונקען פון אַ צויבערבעכער.

אַלטער. דער וויין וואַרמט אָן דאָס אַלטע בלוט. (וואַרפט אַ קוש צו יעדעפּרוי.)

יעדעפּרוי. און דו האָסט עסיג אין דיינע אָדערן. (אַלע לאַכען.)

בלאָף. איך שווער אייך אַז דיעזער געטליכער געטראַנק מאַכט אונזערע שטערן העלער שיינען.

יעדעפּרוי. אבער עס הייבט באַלד אָן צו טאָגען און דאַן מוזען אַלע שטערען אויפהערען צו שיינען. נו, טרינקט נאָך איינס, און דאַן בעט איך אייך אַלע געהט!

סטאָף. מיר געהען נישט פריהער, ביז מיר וועלען דיך קרעהנען אַלס קעניגין פון דיא נאַכט־שווערמער.

בלאָף. יעדעפּרוי איז אירגענד וועלכען מאַנס קעניגין.

פּאָף. יעדעפּרוי איז ווירדיג צו בעשטייגען אַ טהראָן.

רייכטהום. דאָ גלייך, אין מיטען דיא שטיקער פון אונזער פעסט וועלען מיר זיא זעצען אויף אַ טהראָן. (שטעלט אַ שטוהל אויף אַ טיש.)

יעדעפּרוי. ניין! איך פּראָטעסטיר! אום אייסצופיהרען אייערע

קאפריזען און איינבילדונגען בעהאנדעלט איהר יעדעפרוי זעהר גראָב. וואָס דער וויין קען אַלץ מאַכען פון דיא מענער, דיא קאוואַליערען! וויא? איהר בעשטעהט דאַרויף דורכאוים? נו גוט. דאַן וועל איך אַליין בעשטייגען מיין טהראָן, העלפט מיר נישט. (געהט אויפ'ן טיש). זעהט אייער קעניגן, מענער! איהר זאָלט אייך בוקען און פערגעטערען יעדעפרוי. פרויען, איהר זאָלט זיא פערעהרען פון אויסענוועניג, טראָץ דעם וואָס אייערע זעעלען ווערען פערצעהרט אוים נייד. (מענער קניען, פרויען נייגען זיך.)

אַללע. עס לעבע יעדעפרוי! האָך! האָך!

יעדעפרוי. מיינע טרייע אונטערטהאַנען, איך בעפעהל אייך, שטעהט אויף!

אַללע. א ליעד! א ליעד! א סצענע! א געשיכטע!

יעדעפרוי. אבער וואָס זאָל איך רעדען?

רייכטהום. מיר בעטען אייער גנעדיגע מאַיעסטעט צו ערצעהלען פון אייער קעניג, אייער לעבענסבעגלייטער.

יעדעפרוי. איך האָב קיין לעבענסבעגלייטער, דאָך פון אקעניג וועל איך ערצעהלען. א קעניג פון נאַכט־שווערמער.

אַלע. זיין נאָמען! זיין נאָמען!

יעדעפרוי. ניין, דאָס איז א רעטהזעל פאר אייך צו טרעפען. ווער איז דאָס וואָס לאַכט ווען אַלע וויינען? הערט: (דעקלאַמירט צו מוזיק.)
דער קארגער בעהאַלט זיין גאָלד וואָס ער פערמאַג,
אָבער וואָס העלפט עס איהם, עס ווערט ווענינער יעדען טאָג.
אָבוואָהל קיינער אויסער זיין ווייב ווייסט וויא ער האָט עס בעהאַלטען.
נון, ווער איז עס וואָס לאַכט פון דעם אַלטען? הא! הא!

אַלע. דער טייפעל קעניג!

יעדעפרוי. דער טייפעל קעניג!

אַללע. דער טייפעל קעניג, הא! הא! האָ! האָ!

גענויסען (זינגט ביי שעהנהייט'ס זאָפאַ).

יעדעפרוי. דער ריטער נעמט אַבשיעד פון זיין געליעבטער, דער העלד, ער קוסט דאַן איהר האַנדשוה אויף דעם שלאַכטפעלד.
אבער דעם ריטער מיט איהר ליליענווייסע האַנד, זיא בעפרייט
ווער איז דאָס וואָס לאַכט דאַן אַזוי הערצליך, אַזוי ברייט? הא! הא!

אַללע. דער טייפעל קעניג!

יעדעפרוי. דער טייפעל קעניג!

אַללע. דער טייפעל קעניג, הא! הא! האָ! האָ!

גענויסען (זינגט).

זיא איז נישט מעהר פריש און זיא ריעכט נישט מעהר,
זינג העי! זינג האָ! אָה מאַמע!
זיא בייגט איהר קאָפּ און א בלעטעל פאַלט,
דאַן ווערט באַלד טרויריג איהר געשטאַלט.
אין פריהמאָרגען איז זיא טויט און קאַלט
זינג וויין! זינג וועה! פאַר דער דאַמע!

ליידענשאַפט, איך קען דיך יעצט.
דו ביזט נישט ליעבע דער קעניג.
דו ביזט אַ ניעדערטרעכטיגע
עקעלהאַפטע קרעאַטורע, אויסגעפּוצט אום זיך צו בעריהמטען און גרויסהאַלטען
ווען דו ערשיינסט אויף דער ביהנע, זיך וואַרפען און פלוידערן,
און ווען דיין ראָלע איז אָבגעשפּיעלט, דיין שמוציגע אַרבייט געענדיגט,
צו פערשווינדען אום דיך ניע מעהר צו זעהן. אוועק! געה! (ליידענשאַפט
אַב) אזוי וועט יעדעפרוי ליידען דעם פלעק
פון ליידענשאַפטס קוס, ווען אונשולד האָט זיא פערלאַסען.
אָה, ליעבע! וואַהרע ליעבע! ריינע ליעבע!
דער קעניג איבער קעניגע, דער זעעלע'ס זיסער זאָנענשיין.
קראַפט פון שוואַכע, רעטונג פון דיא פעראורטהיילטע! דער גאָט פון יעדע־
פרוי! קום צו מיר! רעטע מיך! (קניעט).

(געוויסען ערשיינט).

יעדעפרוי. אָה, געוויסען! געוויסען! טרייסט מיך. (געוויסען בייגט
זיך איבער איהר צערטליך).

פאָרהאַנג.

---

# דריטעס געזאַנג

(יעדעפרוי'ס וואָהנונג אין שטאדט. נאַכט. שווערע פאָרהאַנגען אויף
דיא פענסטער, א רויטע עלעקטרישע שיין, דונקעל, אַ גרויסער טיש
געדעקט מיט פיעלע גלעזער און פלעשער, שטוהלען אַרום טיש, רעכטס
אַ גרויסער שפּיעגעל, לינקס אַ זאָפאַ. רייך מעבלירט.)

(גראַוועל דרעמעלט. סניק טרינקט וויין. ניעמאַנד.)

ניעמאַנד. אין יעדעפרוי'ס וואָהנונג, ערוואַרטען זיא יעצט
איהרע אַרמע דיענער, וועלכע שטעהען ביז צולעצט. (אוהר שלאָגט 12)
הערט! עס איז שוין מיטנאַכט, טויזענדער האָבען זיא פערעהרט,
איהר אַפּלאָדירט וויא אַ גרויסען סטאַר געהערט.
זיא אונטערהאַלט געזעלשאַפט ווען אַלע מענשען רוהען.
איהרע פּאַטריאָטען וויסען שוין נישט וואָס פאַר איהר צו טהון.
זיא זוכט נאָך אַלץ ליעבע. וויא לעבערליך דאָס קלינגט,
צו זוכען ריינע ליעבע, וויא מען טרינקט, מען טאַנצט און מען זינגט.
ווען אונשולד איז פערלאָרען, און באַקען זענען געפאַרבט.
זאָל יעדעפרוי דאַן וויינען, ווייל איהר שעהנהייט שטאַרבט. (אב.)

(מען הערט דרויסען פייפען אַן אויטאָמאָביל, דיענער מאַכען ליכטיג,
לויפען צום טהיר.)

יעדעפרוי געאַרמט מיט רייכטהום. זיא אין אויטאָמאָביל קאָסטום,
טראָגט פיעלע בוקעס בלומען, לאַכט.

יוגענד, שעהנהייט, אַלטער. דומהייט, זיין האַנד אַרום שעהנהייט, זיא איז בלאַס.

סטאף, בלאָף פּאף, האַבזוכט, אייטעלקייט, זעלבסט, אַלע אין באלל־קליידער. געוויסען בלייבט פון הינטען. אַלע אין אויטאָמאָביל זאַכען.

יעדעפרוי. מיינע פריינדע, זייט מיר ווילקאָמען אין מיין הויז. גראוועל און סניק בעדיענט דיעזע העררען. געוויסען, נעהם אראָב מיין מאַנטעל. מיינע דאַמען, איך וויל אייך נישט איבערגעבען צו מיין דיענסט אז זיא זאָל אייך אויסטהון, זיא איז זעהר אונגעשיקט. איך צווייפעל נישט אז פּאף און בלאָף און סטאף וועלען אייך העלפען אויסטהון. (צו געוויסען) געה, איך דארף דיך נישט. (געוויסען אב.)

רייכטהום (מיט די הענד אין דיא טאַשען). ביי גאָט! דו האָסט גליק, יעדעפרוי, אז דו האָסט געקענט אויסלערנען דיין דיענסט, געוויסען, אזוי פּינקטליך צו געהאָרכען און צו פערשווינדען אזוי גראציעז.

יעדעפרוי. אָה, רייכטהום, דו ווייסט גאָר נישט אז דיא מויד ווייסט זיך וויא צו בענעהמען ווען איך האָב געזעלשאַפט, ווען אָבער מיר בלייבען אליין, דאַן רעגיערט זיא און איך בין דיא דיענערין. אָבער לאָמיר זיין לוסטיג. אָה, יוגענד! (לאַכט) כא־כא־כא! רייכטהום, דו בעטראַכסט יוגענד? זיא פיהרט אַלטער אויף אַ שטריקעל. גוט אזוי, יוגענד, מאַך איהם טאַנצען, עס איז גאַנץ רעכט דו זאָלסט האָבען אביסעל שפּאַס מיט איהם. דרעה איהם ארום שנעלער, אזוי, כא־כא־כא! (יוגענד דרעהט זיך אַרום מיט אַלטער. אַלע לאַכען.)

אַלטער. דו פערריקטע! (סאָפּעט) דו וועסט מיך טערטען, און דאָך, ווילסטו מיך ליעבען, וועל איך טאַנצען אויף מיין אייגענע לויה. (זינקט פער־מאַרטערט אין שטוהל).

יעדעפרוי. יוגענד, דערלאַנג איהם ויין. אבער וויא איז שעהנהייט? מילאָרד דומהייט, וואָס פעהלט איהר?

דומהייט. מיר שיינט עס איז שוין צו שפּעט פאר שעהנהייט, איהרע באַקען זענען בלאַס און זיא פיהלט זיך שוואַך. (פאַכעט שעהנהייט מיט אַ פעכער, זיא לעהנט זיך אָב אויף זאָפאַ.)

יעדעפרוי. דאָס ארמע קינד איז מיעד. (נעהמט וויין, געהט צו שעהנהייט) טרינק דאָס.

זעלבסט (אַפּאַרט צו אַייטעלקייט). אַ שלויע בעסטיע, דיא שעהנ־הייט. וויא זאָגסטו, אייטעלקייט?

אַייטעלקייט (אַפּאַרט צו זעלבסט). זיא איז אָהנמעכטיג, געוויס, אָבער דער אָהנמאַכט איז אַ געמאַכטער, נישט וואהר, האַבזוכט?

האַבזוכט (צו זיי). דאָס איז אַ נעץ זיי צו פאַנגען, מיינע טהייערע. זעלבסט, דו מאַכסט עס פיעל בעסער, איך האָב געזעהן.

יעדעפרוי (צו שעהנהייט). פיהלסטו בעסער יעצט?

(שעהנהייט שמייכעלט מיעד. בלאָף סטאף און פּאף רעדען אַפּאַרט.)

בלאָף. איך זאָג דיר סטאף, זיא ווייס וויא אומצוגעהן מיט זיין געלד. יעדעפרוי קען געווינען רייכטהום, ווען זיא וויל.

סטאף. זעהר וואהר געזאגט, אבער וואָס קען דאָס אונז העלפען? מיר זוכען אַן ענגעל, און מיר שיינט ער וועט נישט זיין זעהר פאסענד פאַר דער ראָלע.

פאף. ענגעל? ניין, פאַר אַ טייפעל וואָלט ער שוין בעסער געפּאסט. יעצט, זעהסטו, דיעזען פעסט וועל איך פּאף, דער אַגענט, בעפּוצען מיט פאַנ־טאסטישע בעציערונגען אזוי, אַז אין דער פּרעסע זאָל עס ערשיינען אַז אפּפען זענען געזעסען ביי איהר טיש.

בלאף. נו, דארום האָבען מיר דאָך דיך אהער געבראַכט.

פאף. אַז פון איהר קוכען זענען ארויסגעקומען נאקעטע טאַנצענדע מערדכען, דאַן וועלען דיא מענשען קומען אין מאסען אום צו זעהן דיא פרוי וועלכע האָט אַזוי אונטערהאַלטען רייכטהום און דומהייט.

סטאף. דו ביזט ווירקליך דער קעניג פון דיא ליגנער, פּאף. (דריקט זיין האַנד).

יעדעפרוי (צו שעהנהייט). דו זאָלסט דיך אַ ווײלע אויסרוהען. (צו אללע) מיינע פריינדע, אונזער פעסט ערוואַרטעט אונז. (דיענער ברענגען ערפרישונגען) בלאָף זעץ דיך צום טיש מיט זעלבסט; סטאף, דיר גיב איך האבזוכט אלס קאָמפּאַניאָן; פּאף, מיט אייטעלקייט אלס דיין געזעלשאַפטע־רין וועסטו געוויס דיך פיהלען גליקליך; אַלטער קלאַמערט זיך נאָך אַלץ צו יוגענד; רייכטהום, ווילסטו זיצען ביי מיר?

רייכטהום (הערט נישט). דומהייט, גיב מיר דעם פעכער, איך וויל אָבהיטען שעהנהייט.

דומהייט. ניין, דיעזע גליקליכע אויפגאַבע וועט זיין מיינע.

יעדעפרוי. וואָס איז? זאָל איך געהן צום טיש אַליין? איז דען שעהנהייט זאָגאַר קראַנקערהייט מעהר אַנציעהענד וויא איך? איך בין דאָך דיא ווירטהין, און איך בעפעהל רייכטהום און דומהייט צו זיצען אויף מיינע ביידע זייטען. געוויסען וועט אויפפאַסען אויף שעהנהייט (קלינגט. געוויסען ערשיינט) געוויסען, דאָס קינד איז קראַנק, און איך גיב זיא איבער אויף דיין שוץ.

(געוויסען קניעט ביי שעהנהייט. אַלע געהען אין פּאָארען צום טיש. דיענער סערווירען וויין, מען טרינקט, מען לאַכט. געוויסען זינגט.)

א בלום געבוירען אין אַ גאַרטען שעהן,
זינג העי! זינג האָ! אָה דו דומע
געשפיעלט זיך שעהן, און דיא מאָרגענלופט
האָט געליעבט אַ קוס פון איהר זיסען דופט
זינג העי! זינג האָ! פאַר דער בלומע
אין מיטאַג־צייט קומט איינער צו געהן
זינג העי! זינג האָ! אָה מאַמע!
בעמערקט איהר שעהנהייט, בעגעהרט איהר זאַפט,
ערשטוינט פון איהר וואונדערבאַרער קראַפט,
דיא בלום אויסערוועהלט האָט ער לייכטזינהאַפט,
זינג וויין! זינג וועה! פאַר דער דאַמע.

יעדעפרוי (רעדט צווישען דיא ווערזען). רייכטהום, איך שווער דיר אז יעדעפרוי געפינט אין דיר אויסגעצייכענטע געזעלשאפט. מעהר ווין פאר מילארד דומהייט. וויא געהט עס דיר, זיסע יוגענד?

יוגענד. דארפסט נאך פרעגען? איך האב געפונען קאנפעקטען, איך בין העכסט גליקליך.

(געוויסען זינגט.)

פונ'ם גארטען שעהן ארויס איז זיא,
זינג העי! זינג הא! אה דו דומע,
אין א בוקעי איז יעצט איהר געזיכט,
וויינט אומזיסט צו זעהן וויעדער טאגעסליכט,
זינג העי! זינג הא! פאר דער בלומע!
זיא איז נישט מעהר פריש און זיא ריעכט נישט מעהר,
זינג העי! זינג הא! אה מאמע!
זיא בייגט איהר קאפ און א בלעטער פאלט,
דאן ווערט באלד טרויריג איהר געשטאלט.
און פריהמארגען איז זיא טויט און קאלט.
זינג וויין! זינג וועה! פאר דער דאמע!

פאף. איך וועל דיר געבען א טאאסט. (אלע געסט אפלאדירען.)
אויפ'ס וואהל פיר יוגענד, מיט וועלכער מיר ווילען זיך ניט שיידען.
אויפ'ס וואהל פיר אלטער, וועלכע מיר קענער נישט אויסמיידען.
אויפ'ס וואהל פיר רייכטהום, יעדענס בעסטער פריינד אין לעבען.
אויפ'ס וואהל פיר האבזוכט, וועלכע וואהנט נישט וויט דערנעבען.
אויפ'ס וואהל פיר בלאף, דורך וועלכען מיר ווילען זיעגען.
אויפ'ס וואהל פיר איטעלקייט, מיט וועלכען מיר זיך אליין בעטריגען.
אויפ'ס וואהל פיר זעלבסט, וועלכע מיר אמבעסטען ליעבען.
אויפ'ס וואהל פיר יעדעפרוי, צו וועלכע דער גאנצער טאאסט איז געשריעבען.

(אלע שטעהען אויף און טרינקען.)

אללע. יעדעפרוי!

יעדעפרוי. איך דאנק דיר, פאר מיר אליין און פאר מיין לוסטיגע געזעלשאפט, איך וואלט זעהר געוואלט זיין מעהר העפליך צו מיינע געסטע, אבער עס ווערט שפעט. און יעדעפרוי האט א פפליכט וועלכע איז נאך אונערפילט. (שטעהט אויף) זאלען מיר יעצט שליסען אונזער פעסט?

אללע. ניין! ניין! א. ז. וו.

רייכטהום (אפארט צו בלאף). זאג מיר, איך בעט דיך, וואס איז דאס פאר א געהיימע מיסיאן, מיט וועלכע יעדעפרוי בעשעפטיגט זיך?

בלאף. זיא זוכט ליעבע.

רייכטהום. זיא זוכט ליעבע, זאגסטו? נו, וועל איך קויפען דאס שפיעלצייג און וועל איהר עס אוועקשענקען. איז דאס אזא טהייערע זאך?

בלאף. מען האט מיר געזאגט אז עס גיבט גאר קיין פרייז נישט דערפאר.



היט דיך פאר ליידענשאפט. ליידענשאפט איז נישט ליעבע!

דיך אין בעהעלטעניש, ווען איך וויל מיט פערגניגען מיך בעראטהען מיט דיר וועגען מיין קאָסטיום פאר דער נעכסטער פיעסע? אויב דו וואכסט ווירקליך איבער מיר, דאן זאָג מיר וויא געפעלט דיר דאָס. (טהוט אוים דאָס אויבערקלייד, בלייבט אין פרעכטיגען באלל־קאָסטיום דעקאָלטע.) (אונשולד פערשווינדעט, יוגענד און שעהנהייט נעהמען צו ביי איהר

מאַנטעל און הוט, מורמלען.)

(געוויסען קומט מיט טיש און שפיעגעל.)

שעהנהייט. עס איז פראכטפאָל שעהן.

יוגענד. און אזוי ביזטו אין דער ווירקליכקייט, יעדעפרוי.

יעדעפרוי. און דאָך, אונשולד שווייגט. (צו יוגענד) טראָג דאָס אריין אין מיין גארדעראָב. דו וועסט דאָרט געפינען טהייערע בלומען, וועלכע רייכטהום האָט מיר געשיקט, און גוטע קאָנפעקטען אויך, פון מילאָרד דומהייט.

יוגענד (צו שעהנהייט). מיר זענען בלויז יונג און שעהן, דאָך פיעלע פערעהרען אונז. זיא איז א סטאר דארום פערגעטערען זיא אלע מענער.

יעדעפרוי. מענער פערגעטערען מיך! יא, איינפאכע מענער, אָבער ליעבע, מיין קעניג, וויא איז ער? (זיצט אויפ'ן טישעל. צו געוויסען) זעהסט, מיינע האאר, דו מויד! דער ווינד האָט זיי צובלאָזען. קענסטו מיר זינגען? מען זאָגט אז געוויסען האָט א שטילע, נידעריגע שטימע, אבער מאנכמאָל איז זיא וואונדערבאר זים. זינג מיר פון א קליינעם שטערן, א שטערן וועלכער וואנדערט דורך דער נאכט זוכענדיג ליעבע.

געוויסען (זינגט).

געוויסען.

א שטערן האָט געצייגט זיין געזיכט
און האָט בעוואונדערט דעם פאָלמאָנד'ס ליכט,
געציטערט האָט ער פאר מאָנד'ס שטארקען שיין,
דאָך באלד איז ער געוואָרען גרויס אליין,
אזוי גרויס וויא דער מאָנדשיין.
ווייל קיין וואָלקען איז דאן געווען
שיינענדיג אָהן אויפהערען,
פערגרעסערט האָט זיך דאן אליין
דאָס ליכט פונ'ם קליינעם שטערען.

דער שטערען קוקט אראָב אויף דער וועלט
ענטציקט פון זיין הימליש געצעלט.
„אָה מענשען," שרייט ער, „קניעט אויף דער שטעל
„און דיענט צו מיר ווי איך אייך בעפעהל.
„א הימעל־קעניגין בין איך."
שיינענדיג אָהן אויפהערען,
האָבען קליינע קינדער אויך געליעבט
דאָס ליכט פונ'ם קליינעם שטערען.



זעהט אייער קעניגין, מענער! איהר זאָלט איך בוקען און פערגעטערען יעדעפרוי.

(ווען זיא זינגט דעם לעצטען פערז בלייבען אַלע שטיל, לאָזען אַראָב די קעפּ. יעדעפרוי קניעט אויפ'ן טיש, בעהאַלט איהר געזיכט אין דיא הענד. דער זייגער שלאָגט 5.)

יעדעפרוי (הייבט אויף איהר קאָפּ, בלאַס, דיא האָאר צערוואָרפען).
געוויסען, אָה, געוויסען! ווארום ווילסטו נישט שלאָפען
נאָר דאַן ווען דיין הערריין שלאָפט? מיינע פריינדע,
אויב איהר זענט פריינדע, איך בעט אייך, פערלאָסט מיך יעצט.
דיא קעניגן פון דיא נאַכטשוועריער מוז זיך איבערגעבען
צו דער בעדיענונג פון איהרע דיענסטמעדכען.
יוגענד, העלף מיר. (געהט אַראָב פון טיש.)

בלאף (צו סטאף). אַן אונאַנגענעהמע מויד, דיא געוויסען.

סטאף (צו בלאָף). זיא עראינערט מיך אין מיין פרוי וועלכע זאָגאַר יעצט בין איך זיכער אַז זיא זיצט אויף און וואַרט אויף מיר.

יעדעפרוי. יוגענד, לאָז מיך אָנלעהנען
אויף דיר, וואָס איז מיין קליינע,
דיינע טריט זענען אונזיכער? דאָס איז שלעכט, זעהר שלעכט.
מיר שיינט אַז יעדעפרוי האָט איהר יוגענד שלעכט בעהאַנדעלט.
נו זעץ דיך אַנידער און רוה דיך אויס. געוויסען, גיב דו
אָבאַכט אויף יוגענד.
(צו דיא געסטע) גוטע נאַכט! גוטע נאַכט אייך אַלע!

(אַלע געסטע פערנייגען זיך, געהן אב, אויסער רייכטהום וועלכער בלייבט אונטען אונבעמערקט, קוקט אונרוהיג אויף יעדעפרוי. יוגענד שלאָפט איין אויף אַ שוהל.)

ענדליך בין איך אַליין מיט יוגענד און שעהנהייט.
געוויסען נעם פון מיר אַראָב דיא גלענצענדע בעפּוצונגען.
העלף מיר אויסטהון, ניין, ברענג מיר פריהער דעם מאַנטעל
פון ריינהייט, וועלכען איך האָב געטראָגען, ווען איך בין צום ערשטען מאָל
אַרויס אויף מיין רייזע צו זוכען ליעבע. (געוויסען אב.)
אָה, ליעבע! מיין קעניג! נאָך אַלץ בעהאַלטען פון מיר.
וויא ביזטו? וואָס איז דיין נאָמען?

רייכטהום (קומט צו). זיין נאָמען איז רייכטהום.

יעדעפרוי. דו ביזט דאָ? געה! וויא וואַגסטו דאָ צו שטערען?

רייכטהום. דו האָסט געזוכט ליעבע. זעה, איך בין דיין קעניג.
מעהר דאַרפסטו נישט זוכען, ווייסטו דען נישט אַז דאָס איז רייכטהום,
וועלכען יעדעפרוי זוכט? דאָ ביי דיינע פיס.
וויל איך דיר אַנביעטען דיא טהייערסטע געשענקע. (קניעט)

יעדעפרוי. געשענקע, זאָגסטו? געשענקע
פון ליעבע? דאָס איז זאָנדערבאַר, מיר שיינט, דער קעניג, ווען איך געפין איהם, וואָלט נישט גערעדט פון געשענקע, נישט געצאָהלט קיין פּרייז, נישט מיך געקויפט, נאָר בעפעהלט געהאָרזאַמקייט צו זיין ווילען.
שטעה אויף, שטעה אויף, און אויב דו קענסט בעווייזען-דורך אַירגענד וועלכע

ריינהייט דאַרף נישט זיין געקינצעלט און געפוצט. (געהט צו יעדעפרוי) און דו, יעדעפרוי, אויב דו ווילסט גליקליך זיין, זאָל דיא לוסטיגע יוגענד דיך פיהרען. דאָרט איז דיין שפּיעגעל, איך בעט דיך, קוק אין איהם.

אונשולד (פערשטעלט איהר דעם וועג). ניין, יעדעפרוי, אונשולד הייסט דיר ווייכען פון אַ שפּיעגעל, וויא דו וואָלסט געוויייכט פון אַ פּעסט.

יעדעפרוי. אַ פּעסט, זאָגסטו, פריילייין אונשולד? איך וויל אַז דו זאָלסט וויסען: איך שרעק מיך ניט צו קוקען אויף מיר אַליין. קומט, יוגענד און שעהנהייט, מיר וועלען ענדליך קוקען אויף אונזער שעהנע אבשטראַהלונגען אין דעם גלאָז. ווען יעדעפרוי האָט אַזעלכע זיסע פריינדינען דאַן איז דער שפּיעגעל איהר בעסטער און נאָבעלסטער פריינד. (זיי געהען צום שפּיעגעל פּאָזירען) וואָס זאָגט איהר מיינע טהייערע? וואָס דענקט איהר אויף מיין פיגור?

יוגענד. געטליך!

יעדעפרוי. דיעזע פּאָזע, אָדער דיא — וועלכע פּאַסט מיר אַם בעסטען?

שעהנהייט. ווען ביידע זיינען פּאָלקאָמען, וויא קען מען וועהלען?

יעדעפרוי. און וואָס איז וועגען מיין געזיכט?

יוגענד. דאָס וואָלט ערוועקט נייד ביי אַן ענגעל.

יעדעפרוי. דאַן מיינע האָאר?

שעהנהייט. וויא פעדים פון פּאָלירטעס גאָלד.

יעדעפרוי. וויא געפעלען דיר מיינע אויגען?

יוגענד. צוויי טייכען פון ליעבליכקייט.

יעדעפרוי. פוי. יוגענד! אבער זעהט נאָר! קוקט נאָר אין שפּיעגעל נאָך אַמאָל, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע ערשיינונג איז דאָס? אַ פרעמדער!

(דיא אויבערפלעכע פון שפּיעגעל ווערט פערענדערט, מען זעהט איינוועניג אין דער פריים שטעהן שמייכעליי זעהר שעהן געקליידעט.)

(שעהנהייט און יוגענד קלאַממערן זיך אין יעדעפרוי, אונשולד הינטער איהר, בעדעקט איהר ברוסט מיט אַ שאַל.)

שמייכעליי (פערנייגט זיך טיעף). קיין פרעמדער בין איך, ווען איך בין ניט טהעטיג אין דיענסט ביי מיין הערר און מייסטער, קעניג ליעבע דער ערשטער, דאַן אין דעם צויבער פון אַ יונגפרוי׳ס שפּיעגעל מאַך איך מיין היים.

יעדעפרוי. ווער ביזטו?

שמייכעליי. מיין נאָמען איז שמייכעליי.

אונשולד. אָה, יעדעפרוי איך בעט דיך, הער דיך ניט צו צו דעם מאַן. ווייל אָבוואָהל זיין צונג איז זיס, זיין האַרץ איז פאַלש.

יעדעפרוי. שטיל, נו נארר! (פערנייגט זיך) הערר שמייכעליי, וואָס פערלאַנגסטו פון מיר? און ווארום גראַדע מיין שפּיעגעל, ליעבער וויא אירגענד אַן אנדערען, האָסטו געוואַגט צו בעזוכען?

שמייכעליי. פרעג ביי יוגענד און שעהנהייט.

יוגענד. ניין, איך שווער, איך קען ניט שמייכעליי.

שעהנהייט. איך אויך נישט, ווירקליך נישט.

שמייכעליי. איך בין געקומען אלס געזאנדטער פון קעניג ליעבע דעם ערשטען, איין מעכטיגער מאָנארך, וועמענס קראפט איז שטארקער פון דיא אירדישע רעגיערער, און דאָס זיינען דיא ווערטער וואָס ער האָט מיר געהייסען ברעגגען: „צו יעדעפרוי געה, דו שמייכעליי — זאָגט ער — און זאָג איהר: „זיא זאָל מיך זוכען וואו איהרע געדאנקען אָדער איהר קאפּריז ווע̇לען איהר „זאָגען אז דאָרט בין איך בעהאלטען. איהר זאָלסטו דאן ערצעהלען וויא „ליעבע דער ערשטער פערלאנגט אז זיא זאָל קומען אין זיין הערליכע „וואָהנונג, אום זיא זאָל דאָרט רעגיערען אלס קעניגין פיר איממער און עוויג.“ ליעבע ערוואַרטעט דיך, יעדעפרוי, ער וויל דו זאָלסט זיצען ביי זיין זייט אויף זיין בעגילדעטען טהראָן, וואָהנען מיט איהם, א קרוין פון גליק אויף דיין קאָפּ. ליעבע בענגט נאָך דיר, יעדעפרוי, דארום געה ארוים אין דער וועלט אריין און זוך איהם, זוך דיין קעניג, זוך איבעראל, ווייל איבעראל איז זיין טהראָן ערהויבען, גרויס איז זיין קעניגרייך — אָבער היט דיך! ליעבע'ס וועגען זיינען זאָנדערבאר. ער רייזט אינקאָגניטאָ. (דיא ערשיינונג פאַנגט אָן צו פערשווינדען) און יעצט לעבע וואָהל! דיין שפּיעגעל זאָגט דיר דיא ווארהייט, ליעב ווארט, ערוואַרטעט יעדעפרוי, זוך איהם, לעב מיר וואָהל! (פערשווינדעט).

(דער שפּיעגעל שטראַהלט וויעדער אָב דיא געשטאַלטען פון דיא מיידלעך.)

יעדעפרוי. ליעבע ערוואַרטעט מיך. אָה, זעהט! ליעבע פריינדינען מיינע! (ביים שפּיעגעל) בין איך ניט שעהן? דער שפּיעגעל זאָגט מיר אזוי, אָבוואָהל שמייכעליי איז פערשוואונדען. ליעבע וויל מיך מאכען פאר א קעניגין, און זאָל איך לאָזען זיינע מאַיעסטעט ווארטען? ניין. איך וועל געהאָרכען זיין געזאנדטען, איך וועל איהם זוכען.

אונשולד. איך בעט דיך, יעדעפרוי, פאָלג ניט דיא בעטריגערייען פון שמייכעליי. האָסטו נישט געהערט אז שמייכעליי איז פאלש — א ווערקצייג ביי פערפיהרער.

יעדעפרוי. הער אויף צו פּלוידערען, אונשולד. וואָס ווייסטו פון ליעבע? איך זאָג דיר איך וועל געהן. קומט יוגענד און שעהנהייט, איהר וועט זיין מיינע בעגלייטערינס ביי מיין זוכען. (אומאַרעמט זיי.)

אונשולד. אָה! הערצין מיינע, דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס דו האָסט דיך אָבגעקעהרט פון מיר.

יעדעפרוי. פערצייהע מיר, אונשולד, פאר איין מאָמענט האָב איך פערגעסען וויא געטריי און וויא זיס דיין פריינדשאפט איז מיר געוועזן. (בויגט זיך צו קושט זיא) זיי נישט טרויעריג, איך וועל דיך זיכער מיטנעהמען אויף מיין רייזע. אבער יעדעפרוי מוז געהאָרכען וועז ליעבע בעפעהלט.

שעהנהייט. און וואו וועלען מיר זוכען דעם שטארקען מאָנארך?

יעדעפרוי. אָה, ווירקליך וואו?

יוגענד. מען האָט מיר געזאָגט, אז ליעבע איז אם לייכטסטען צו געפינען אין דיא טהעאטערע פון דיא גרויסע שטעדט.

אונשולד. יוגענד, דו ביזט נאַרריש.

יוגענד. ניין, איך מיין עס אין דער וואַרהייט, איך האָב עס געהערט זאָגען אַז ליעבע ווערט ווירקליך געמאַכט פון דיא שווישפּיעלער, זיי מאַכען עס פון איינפאַך גאָרנישט, מיט אַזאַ צויבערשפּרוך, אַזוי וויא דיא שוואַרצ־קינצלער רופען אַרויס גייסטער מיט אייניגע וואונדערבאַרע ווערטער.

יעדעפרוי (זעהר פעראינטערעסירט). איז דאָס וואהר? זיסע יוגענד, פון וואַנען ווייסטו דיעזע וואונדערבאַרע זאַכען?

שעהנהייט. פערלאָז דיך אויף יוגענד, ווען מען רעדט פון ליעבע ווייסט זיא זיך גוט צוהערען און קיין וואָרט פערליערען.

יעדעפרוי. אָה! אָבער מיינט מען דאָס ליעבע דעם קעניג?

אונשולד. ניין, יעדעפרוי, ווייסטו דען נישט אַז עס זיינען דאָ פיעלע וואָס פּרעטענדירען צו זיין בערעכטיגט צו זיין טהראָן?

יעדעפרוי. פיעלע וואָס זיינען נייגעריג צו טהיילען דעם טהראָן מיט איהם, גלויב איך. דיא יעניגע וועמען ער ליעבט אַמווענינגסטען דיא פּער־ליימדען איהם. איך בין געזעסען דאָרט אין גאָרטען אין אבענדצייט פער־טיעפט אין אַ בוך פון קינדער־געשיכטען. „דאָס קעניגרייך פון ליעבע“ האָט דאָס בוך געהייסען. און אַזוי וויא פערזונקען אין אַ טרוים האָב איך געלעזען, און אַזוי אונווילענדיג האָב איך מיט מיין פוס געוואָרפען שטיינדלעך אין ברונען, אַ העקסע איז ערשיענען.

מיידלעך. אַ העקסע!

יעדעפרוי. זיא האָט געמוזט זיין אַ העקסע, ווייל זיא האָט געהינקען, אויף קוליעס, און האָט געזאָגט שלעכטע זאַכען.

וגענד. וואָס האָט זיא געזאָגט?

שעהנהייט. איך בעט דיך, זאָג אונז, זאָג.

יעדעפרוי. „איך בין יעדעפרוי׳ס פערנאַכלעסיגטער נאַכבאַר“, האָט זיא געזאָגט, „מיין נאָמען איז וואַרהייט“.

אונשולד. מען זאָגט וואַרהייט וואָהנט אין אַ ברונען. דיינע לייכט־זיניגע שטיינדלעך האָבען זיא בייז געמאַכט.

יעדעפרוי. זיא האָט מיך בעז געמאַכט. זיא האָט געוואַגט צו שפּאָטען פון „ליעבע׳ס קעניגרייך“, האָט געוואַגט צו זאָגען אַז דיא הערצער פון יונג־פרויען ווערען אָפט צערבראָכען זוכענדיג יענע פערדעטהערישע ברעגען.

אונשולד. מען זאָגט אַז וואַרהייט איז אַ בעריהמטע וואַהרזאָגערין.

יעדעפרוי. יאַ, יאַ, איך האָב געהערט אַז מען דאַרף נאָר אַריינקוקען אין דיא טיעפעניש פון איהר ברונען און מען קען באַלד זעהן אַלע זאָרטען זאָנדערבאַרע זאַכען. אָה, וועט דאָס זיין שפּאַס! קומט, לאָמיר זיך בעראַטהען מיט וואַרהייט.

יוגענד. אָה, איך האָב מורא עס וועט זיין צו שפּעט. ווען מיר זיינען דורכגעגאַנגען, שעהנהייט און איך, דורך דיין גאַרטען האָבען מיר געהערט וויא וואַרהייט האָט זיך בעקלאָגט, אַז איהר ברונען איז אויסגעטריקענט געוואָרען.

שעהנהייט. „נישטאָ קיין היים פאַר וואַרהייט היינטיגע צייטען,“ האָט זיא געקרעכצט, „איך בין אַ פערשטויסענע!“

יעדעפרוי. פּסט! איך וועל אייך דערצעהלען אַ געהיימניס. אונ־

שולד, פערשטאָפּ דיר דיינע אויערען, ווייל איך שווער דיר אַז וואָס איך גיעה יעצט ערצעהלען איז אַ סקאַנדאַל.

יוגענד און שעהנהייט. יא, יא, ערצעהל, ערצעהל!

יעדעפּרוי. ווייסט איהר נישט אַז ווארהייט וואָהנט מיט ניעמאַנד?

יוגענד. וויא שרעקליך!

שעהנהייט. דאַן לאָמיר זיא זוכען אין זיין וואָהנונג.

אונשולד. פוי! איך גלויב דאָס נישט. אָה, יעדעפּרוי, גיב אויף דיא וואהנזיניגע רייזע צו זוכען ליעבע, עס איז מעהר אַנשטענדיג אַז דו זאָלסט ווארטען ביז ער וועט קומען. בלייב אין דער היים מיט מיר, און אויב ער איז ווירקליך אַ קעניג און וויל דיך מאַכען פאַר זיין קעניגין, דאַן וועט ער זיכער דיך געפינען.

יעדעפּרוי. שטילל! דו האָסט שוין גענוג געפּלוידערט. איך ליעב דיך, אונשולד, אָבער אויב איך וועל הייראַטהען אַ קעניג, דאַן וויים איך נשט אויב איך וועל דיך דאַן דאַרפען. יוגענד, דו זאָלסט זיין מיין וועגווייזער, אין שטאדט אריין וועלען מיר געהן.

אונשולד. דו ווילסט פערלאַסען דיין אונשולד?

יעדעפּרוי. גאָטט בעהיט! ניין! דו וועסט אויך מיטגעהן, אויב דו שרעקסט דיך ניט. מיר וועלען זוכען אין דיא טהעאַטערע, דאָרט וועלען יוגענד און שעהנהייט געוויס זיין ווילקאָמען. און אונשולד, מיר וועלען פּראָבירען דיך אַריינצושמוגלען מיט אונז. מיט אַזעלכע בעגלייטער וועט יעדעפּרוי מוזען געפינען דעם קעניג ליעבע דעם ערשטען. גוט, לאָמיר געהן! (געהט פאַראוים.)

(ניעמאַנד ערשיינט אויפ'ן וועג, האַלט דיא הענד אין דער הויך, לאָזט זיי נישט געהען.)

ניעמאַנד. ווארט, יעדעפּרוי! דו לויפסט צו דיין טויט, איך אַליין קען דיך רעטען.

יעדעפּרוי. דו האָסט קיין מאַכט. דו ביזט ניעמאַנד, לאָז מיך דורכגעהן.

ניעמאַנד. ווארט איין אויגענבליק. (רופט) ווארהייט! ווארהייט! קום אהער!

(ווארהייט הינקט אַריין ביים פענסטער, אויף קוליעס, טראָגט אַ קאַנטשיק מיט 9 רימענס.)

רעד ווארהייט!

ווארהייט. יעדעפּרוי, דו האָסט דיך צוגעהערט צו שמייכעלייַ, ניעמאַנד קען דיך רעטען, הער דיך צו צו ווארהייט.

יעדעפּרוי. ביזטו ווירקליך ווארהייט? איך האָב נישט געוואוסט אַז דו ביזט אַזוי אַלט און העסליך, און נאָך אויף קוליעס אויך! קומט ווארהייט מיט אַ ניין רימענדיגער בייטש? וואָס ווילסטו, מיך שמייסען?

ווארהייט. ניין, דער רימען פון ווארהייט איז פאַר ליידען וואָס מען ברענגט אַליין אויף זיך, דעם קול וואָלט איך נישט געדאַרפט ווען יוגענד און שעהנהייט וואָלטען מיך אויפרעכט געהאַלטען. (מיידלעך לאַכען) הערט! יעדעפּרוי זוכט ליעבע, ליעבע איז געבאָרען פון ווארהייט. איך האָב אַ זוהן—




יעדעפרוי, דו האָסט דיך צוגעהערט צו שמייכעליי, ניעמאַנד קען דיך רעטען.

יעדעפרוי. אַ זוהן, דו? איז ער אַ קאַרליק? איינגעבויגען! פער־קריפּעלט! דאָס הויקערדיגע און דאָס פערקריפּעלטע קינד פון אַ העקסע? ליעבע איז אַקעניג, וויא אַ גאָט איז ער אין זיין מעגליכע פאָלקאָמענהייט. גטה! ווען איך וועל דיך ברויכען וועל איך קומען צו דיר.

וואַרהייט. דו וועסט קומען, און קומען אַליין, פערשפּאָט וואַרהייט יעצט. אָבער היט דיך פאַר דער צייט ווען דו וועסט זוכען שמייכעליי אין דיין שפּיעגעל און געפינען בלויז וואַרהייט. שמייכעליי האָט דיך בעטראָגען, דיך אָבגענאַרט. דאָס איז זיין קאַפּריז, זיך צו שפּיעלען מיט יעדעפרוי'ס מאַנגעל אין קלוגהייט. ווענדע דיך צו דיין שפּיעגעל נאָך איינמאָל.

(שמייכעליי ערשיינט ווידער אין שפּיעגעל.)

וואַרהייט. זעה! שמייכעליי לאַכט ווידער צו דיר. (יעדעפרוי דרעהט זיך אום צום שפּיעגעל.)

שמייכעליי (אין שפּיעגעל). ליעבע ערוואַרטעט דיך, זוך דיין קעניג!

וואַרהייט. יעצט קוק צו מיר, דו קענסט מיך יעצט נישט זעהן.

יעדעפרוי (קוקט אויף וואַרהייט). ווירקליך, איך הער איהר שטימע, אבער זיא איז פערשוואונדען, וויא זאָנדערבאַר!

וואַרהייט. נישט זאָנדערבאַר, אונפערמיידליך. ווען שמייכעליי ער־שיינט צו יעדעפרוי, איז צו איהר וואַרהייט אונזיכטבאַר, אבער וואַרהייט איז שטאַרק, געדולדיג, דויערהאַפט און באַרמהערציג, נאָך מעהר וויא באַרמ־הערציג. צו דיא, וועלכע, אין זייער בעטריבטהייט, ווענדען זיך צו איהר. וואַרהייט איז דיא איינציגע טרייסט פאַר דיא וואָס זיינען מיעד פון דער וועלט. וואַרהייט האָט געשפּראָכען. דו וועסט הערען איהר שטימע נאָך אַמאָל. איך בעט דיך, יעדעפרוי, זעה אז עס זאָל נישט זיין צו שפּעט. (ביים פענסטער) ווילסטו געהן מיט מיר?

יעדעפרוי (צעגערענד). יא, יא, איך...

שמייכעליי. ליעבע ערוואַרטעט דיך.

וואַרהייט (רופט זיא מיט דער האַנד). יעדעפרוי, ווילסטו רעדען מיט וואַרהייט?

יעדעפרוי. איך הער דיין שטימע, אבער איך זעה דיך נישט.

וואַרהייט. יוגענד, שעהנהייט — ווער וויל נאָכפאָלגען וואַרהייט? (אב דורכ'ן פענסטער).

אונשולד. איך! איך וויל— (וויל איהר נאָכפאָלגען.)

עדעפרוי (האַלט זי צוריק). זיי נישט אַזוי נאַרריש, וואַרהייט איז אַ העקסע!

יוגענד (האַלט אויך צוריק אונשולד). און זעהר אונאַנגענעהם מאַנכ־מאָל...

וואַרהייט (דרויסען). ווער וויל פאָלגען וואַרהייט? ווער ליעבט וואַרהייט מעהר וויא שמייכעליי?

ניעמאַנד (שניידענד). ניעמאַנד! (אב נאָך וואַרהייט.)

יעדעפרוי. קומט, זיסע פריינדינען, צו וואָס זאָלען מיר זיך צוהערען צו דיא פּלוידערייען פון אַ העקסע? שמייכעליי איז אַזוי שעהן און האָט אַזאַ

שעהנע פיגור. (פערנייגט זיך צו שמייכעליי) וויא דארף נאָך זיין דער קעניג וועמעז ער דיענט!

שמייכעליי. קעניג ליעב דער ערשטער ערוואַרטעט דיך.

יעדעפרוי. יא, יא, דאַן געהט יעדעפרוי זוכען ליעבע. יוגענד, גרייט מיר אָן מיין שעהנסטעס קלייד; דעם הוט וועלכער פּאַסט מיר אַם בעסטען. (יוגענד געהט אויף שטיעגען) אונשולד, רויב אוועק ביים גאַרטען בלומען פּאַר א בוקעי. ניין? דאַן נעהם בלויז איין בלום פאַר מיינע האָאר. שנעל! דער קעניג ערוואַרטעט.

(אונשולד געהט אין גאָרטען. וואַרהייט קומט פון פענסטער. ליעבע מיט איהר.)

וואַרהייט. זעה מיין זוהן, דו זעהסט יעדעפרוי!

ליעבע (אין אַ פּאָזע פון אַ פּאָעטישע פערעהרונג און בעוואונדערונג). וויא זאַנפט זיא איז, וויא שעהן אָהן אַ גלייכען!

וואַרהייט. זיא בענגט נאָך ליעבע און ווייסט ניט אַז ער שטעהט נעבען איהר.

ליעבע. מוטער, דו ביזט דאָך דיא אַלמעכטיגע וואַרהייט, העב ארויף דעם פּאָרהאַנג אַז זיא זאָל מיך קענען זעהן, זאָל זיא וויסען אַז איך בין ליעבע, און אַז מיין קעניגרייך, וועלכעס איז פיעל גרעסער פון אַלע וועלטען וועלכע שוועבען דורך דעם לעערען רוים, איז אין דיעזע אַרמען. לאָז מיך צודריקען יעדעפרוי צו מיין הערצען.

וואַרהייט. דו קענסט נישט!

ליעבע. איך בעט דיך, אָבוואָהל איך זעה אויס וויא אַן איינפאַכער לייב־וועכטער, מיט מיר וואָלט זיא געפונען פריעדען, צופריעדענהייט און גליק.

וואַרהייט. מיין זוהן, צו יעדעפרוי קען זיך ליעבע נישט אָפּענבאַרען. זיא, און נור זיא אַליין מוז געפינען ליעבע.

ליעבע. אָבער אַם ענדע וועט זיא זיין מיינע?

וואַרהייט. וואַרט, מיין זוהן, וואַרט מיט געדולד, יעדעפרוי רעדט!,

יעדעפרוי. הערר שמייכעליי, ווילסטו מיין בעגייסטערטע זעעלע היני־פיהרען,

פיהרען מיך דאָרטען וואו ליעבע מיך הערט?
וואו איז זיין פעסטונג, איך וויל זיא אַטאַקירען,
שטעהט זיין פּאַלאַסט אויף בעצויבערטער ערד?
מיט וואָס פאַר אַ צייכען קען איך איהם אונטערשיידען?
וואַרט ער אויף מיר דאָרט מיט הענד אויסגעשטרעקט?
שלאָפט ער פיעללייכט און מען דאַרף איהם אויסמיידען,
אָדער וועט ער ערוואַכען ווען אַ יונגפרוי איהם וועקט?
זעה וויא איך בייג מיין קאָפּ אונטערטהעניג.
פאַר דיא פרעהליכע ווערטער וואָס דו האָסט מיר געבראַכט.
יעצט בעט דיך יעדעפרוי, פיהר מיך צום קעניג,
צום קעניג ליעבע דעם ערשטען מיט דער געוואַלדיגער מאַכט.



יעדעפרוי וועלכע גיט זיך אונטער צו שמייכעלײ איז פערלאָרען פאר דיר, טרייע ליעבע.

(קניעט פאַר שמייכעליי וויא צו אַ געבעט.)

וואַרהייט. ליעבע, מיין זוהן, זעה! ביי שמייכעליי'ס פוס קניעט זיא, דו ביזט צו שפעט. זי איז פערלאָרען. יעדעפרוי וועלכע גיט זיך אונטער צו שמייכעליי איז פערלאָרען פאַר דיר, טרייע ליעבע.

פאָרהאַנג.

---

## צווייטעס געזאַנג

אַ ביהנע פון גרויסשטעדטיגען טהעאַטער. פאָרמיטאָג. סצענעריען זענען אין אונאָרדנונג. אַ גרויסער שטיין אין דער מיט.
ניעמאַנד בלאָף (זיצט ביים טיש.)

ניעמאַנד. גוטע פריינדע, אייך וועט געווים וואונדערען
מיך צו זעהן אין אַ שטאדט־טהעאטער אזוי מאָדערן.
דאָס איז בלויז אום' אייך צו ווייזען
דיא קאַריערע פון יעדעפרוי אין אַנדערע קרייזען.
איהר קריעגט דאָ אָבער אַ געלעגענהייט, מוזט איהר וויסען,
צו זעהן וואָס עס טהוט זיך הינטער דיא קוליסען.
אָבוואָהל „דיא וועלט איז אַ ביהנע", דאָך מוזט איהר נישט פערגעסען
אַז נישט אַ פאָרשטעלונג וועט איהר זעהן, וויא אַ פופע איז אַ פרינצעסין.
יעצט איז פראָבע־צייט און דיא שוישפיעלער זיינען יעצט
געוועהנליכע מענשען, און נישט דיא ראָללען אין וועלכע זיי ווערען אריינ־
געזעצט.
זייערע מאַסקען זיינען אַרונטער, זייערע געזיכטער נישט בעפּאַרבט,
איהר וועט נישט זעהן וויא איינער שיסט און דער צווייטער שטאַרבט.
דאָך בעט איך: אורטהיילט צווישען זיי, פאַסט אויף ווער זיי זיינען,
און אויב איהר טהוט עס נישט, ניעמאַנד וועט עס גלייך דערקענען. (אב.)

(סטאַף קומט מיט אויסגעשטרעקטע ארמס.)

סטאַף. אָה בלאָף, מיין ברודער דירעקטאָר, וויא געהט עס דיר?

בלאָף. אָה, גוט! גוט! עס פרעהט מיך זעהר דיך צו זעהן ווען דיין געזיכט שמייכעלט אזוי פרעהליך. (דריקען זיך דיא הענד.)

סטאַף. עס האָט שוין ניט גערעגענט ביינאַכט זייט אַ מאָנאַט, אונזערע קאַסע־קאַסטענס זיינען פול איבערפילט, אונזער ערפאָלג פערזיכערט. דאַרום, לאָמיר פערקלענערען אונזערע אויסגאַבען.

בלאָף. זעהר גוט געזאָגט, דו האָסט אַ זעלטענעם טאַלענט אלס דירעקטאָר. אבער וויא זאָלען מיר אָנפאַנגען?

סטאַף. מיר האָבען אַנגאַזשירט פאַר אַ צו הויכען פרייז אַ שקאַפע צום שפּיעלען דיא הויפּטראָלען. יעדעפרוי קאָסט אונז צופיעל.

בלאָף. אבער יעדעפרוי איז אַ סטאַר.

סטאַף. יעדעפרוי דענקט אַז זיא איז עס. מיט דיין הילפע, בלאָף, איז זיא אַזוי הויך געשטיעגען. אָהן דעם...

בלאָף. ניין, סטאַף, אָבוואָהל איך מוז צוגעבען אַז איך האָב פיעל געלייסטעט פאַר דעם פּרויענצימער, איהר שנעלעס ארויפשטייגען אָבער, האָט זיא צו פערדאַנקען אַ געוויסען שרייבער מיט'ן נאָמען פּאָף.

סטאַף. דער קערל האָט געמאַכט מעהר סטאַרס וויפיעל שטערען עס איז דאָ אין הימעל. נו, עס איז פיעללייכט ווירקליך נישט ראַטהזאַם אָנצו־פאַנגען מיט יעדעפרוי. וואָס איז וועגען אַמביציאָן ?

בלאָף. זיא איז אַ גוטע שוישפּיעלערין.

סטאַף. מעגליך ; אבער צו פלייסיג, צו ערנסט אום צו ווערען פּאָפּולער ביי דעם פערגניגען־זוכענדען פּובליקום. האָסטו בעמערקט וויא מאָגער זיא ווערט און וויא ארם געקליידעט זיא איז ?

בלאָף. יא ; זיא ציהט ניט קיין בעזוכער און דאַרום קריעגט זיא אַ קליינעם געהאַלט. איהר געהאַלט צו פערקלענערען וואָלט געווען וויא אַראָב־צונעמען גאָרנישט פון גאָרנישט. מיר קענען פיעללייכט אַראָבנעהמען פון דעם געהאַלט פון איינבילדונג.

סטאַף. איינבילדונג ! וועלכער איז אימער פערטיג צו שפּיעלען יעדען שוישפּיעלערס ראָלע, ווען עס איז אַ נויטפאַל אָדער נישט ? ניין, איינבילדונג איז זעהר ניצליך אין אַ טהעאַטער, מיר וועלען בעסער אָבהאַקען דיא קעפּ ביי דיא יעניגע אין קאָהר וועלכע געפעלען אונז נישט. וויא איז דיין ליסטע ?

בלאָף. דאָ איז זיא. אָבער לאָמיר פריהער בעטראַכטען זייערע געזיכ־טער, דאַן ביים אויסרופען זייערע נעמען וועלען מיר קענען אויסרייניגען דיא שלעכטע. (שרייט הויך) ליכט ! ליכט ! ערשטער אַקט ! קאָהר אָנפאַנגען !

(קאָהר־מעדכען שטעלען זיך אויס. בלאָף אין איין זייט, סטאַף אין דער אנדערער.)

קאָהר — יוגענד און שעהנהייט שטעהען ביי זייטע, זינגען.

באַלד צוריק צום רעפּליק
קומט דער קאָהר אין אויגענבליק,
אַלע שעהן און זיי זעהן
יעדען צו געפּעלען וויא זיי געהן.
יונג און שלוי, יונג און שלוי,
אַלט אין גרוי, אַלט און גרוי,
צאָהלט אונז שנעל, צאָהלט אונז שנעל,
מיט זיין זעעל, מיט זיין זעעל
פאַר דעם שעהנעם שעהנעם, שעהנעם שעהנעם קאָהר.
נו זינגט, נו זינגט, זינגט־זשע אַלע טראַל־לאַ,
און לאַכט און לאַכט האַ ! האַ ! אַלע.
און טאַנצט און גלאַנצט און זייט נאָר אַלע מונטער,
און דאַן פיעללייכט, פיעללייכט וועט זיין געזונטער.
איך ווייס ניט וואָס מיר ליעגט פאָר,
דאָס לעבען איז זעהר קורץ ביים קאָהר ;
איך ווייס ניט וואָס מיר ליעגט פאָר,
דאָס לעבען איז זעהר קורץ ביים קאָהר.

בלאָף. יעדע זאָל ענפערען ווען מען וועט אויסרופען איהר נאָמען. ווינק, שפרינג, לאַף, שלוי, גריבעל, רונדעל, לאָק, געלעכטער, יוגענד, שעהנהייט, אונשולד.

(ביי יעדען נאָמען ענפערט אַ מיידעל: היער! אונשולד בלייבט שטיל.)

סטאָף. אונשולד! אונשולד! וויא ביזטו?

שלוי (צו אונשולד). שרעק דיך נישט, דו נאַרעלע!

ווינק. גיב איהם אזא שלויען ווינק, אָט אזוי, נו!

בלאָף. וואָס שוויגט איהר? וויא איז אונשולד?

(שלוי און ווינק פיהרען צו אונשולד.)

שלוי און ווינק. דאָ איז זיא, מיינע הערענ. (זיי בעטראַכטען זיא קריטיש מיט אויגענגלעזער.)

סטאָף. הם... מיר שיינט דו ביזט דאָ א פרעמדע, וויא קומסטו אהער אין קאָהר?

אונשולד (שטאָלץ). איך בין א פריינדין פון יערעפרוי. (מיידלעך לאַכען.)

בלאָף. א פריינדין פון יערעפרוי! א שעהנע פעהיגקייט! איך גלויב אז זיא האָט דיך דאָ אהער געבראַכט. נישט וואהר?

אונשולד. יא.

סטאָף. וויפיעל דיא סטאַרס ערלויבען זיך דאָס!

בלאָף. דו ביזט שעהן גענוג, אבער צופיעל געפוצט. דאָ אין קאָהר איז קיין פּלאַץ פאַר דיר, געה!

אונשולד. ניין, איך בעט אייך, לאָזט מיך בלייבען מיט יערעפרוי.

סטאָף. וואָס קענסטו טהון? קענסטו שפּיעלען ראָללען פון אַ יונגענ־מאַן, אָנטהון הויזען מיט א וועסט?

אונשולד. אַך, ניין, ניין!

בלאָף. קענסטו טאַנצען אויף דיא שפּיצפינגער אין א באַללעט־קליידעל אין לייב־קאָליער?

אונשולד. ניין, ניין, דאָס נישט.

סטאָף. קענסטו פיעללייכט אויפהעבען דיין פוס העכער פון דיין קאָפּ.

אונשולד. ניין, מיינע הערענ, אבער איך קען זעהר שעהן זינגען.

בלאָף. זינגען אין קאָהר? באה! לעכערליך!

סטאָף. קען יעמאַנד דיעזעם פרויענצימער?

יוגענד (קומט פאָר). ערלויבט מיר מיינע הערענ, אונשולד איז אימער געוועזן מיין בעסטע פריינדין. (אומאַרמט זיא.)

שעהנהייט. איך האָב זיא אויך געליעבט. אויב זיא געהט אוועק געה איך מיט. (אומאַרמט זיא.)

יוגענד. איך אויך.

בלאָף. וואָס איז דאָס, אַן אויפשטאַנד? אייערע נעמען, שנעל זאָגט אייערע נעמען.

יוגענד. איך בין יוגענד.

שעהנהייט. און איך שעהנהייט.

סטאף. יוגענד און שעהנהייט, ניין, אייך מוזען מיר האָבען, וועניג־סטענס אין קאָהר, אייך דאַרפען מיר, אבער נישט אייער פריינדין, דאַרום מוזען מיר אייך מיט געוואַלט בערויבען פון אייער אונשולד. מיידלעך פיהרט זיא אַרויס. אַרויס מיט אונשולד!

(בלאָף כאַפּט יוגענד, סטאף שעהנטהייט, מיידלעך נעהמען אונשולד פיהרען זיא אונטערן שטיין, ווען זיי צוגעהן זיך איז אונשולד מעהר נישטאָ.)

בלאף (האַלט יוגענד וועלכע קעמפּפט און וויינט). ניין, זאָרג נישט, דו קליינע, וואָס דו האָסט פערלוירען דיין פערפוצטע פריינדין, דערפאר וועלען מיר עסען אַ גוטען נאכמאהל, דו וועסט טרינקען די זיסעסטע געטראַנקען מיט דיא גרעסטע לייט פון שטאָדט, אָדער מיט אַזעלכע בעגילדעטע יונגע לייט, וועלכע וואָלטען נישט געוואָלט דולדען אַז אונשולד זאָל זיין דיין בעשיצערין.

סטאף (האַלט שעהנהייט וועלכע קעמפּפט און וויינט). אין שנעלע אויטאָמאָבילס וועסטו דורכפליהען דיא מיטנאַכט־לופט, פיעל אנגענעהמער וויא ווען אונשולד זאָל זיין ביי דיין זייט. נו, וויש אָב דיינע טרערען און געה צו דיינע לוסטיגע פריינדינען. ווינק, גיב אָבאַכט אויף שעהנהייט.

בלאָף. שלוי, מיר גיבען איבער יוגענד צו דיר, דו זאָלסט אויף איהר אויפפאַסען. מיידלעך, האַלט יוגענד און שעהנהייט ביי אייך און אייערע דירעקטאָרען וועלען מיט אייך זיין צופריעדען.

(מיידלעך נעהמען יוגענד און שעהנהייט צו זיך — זינגען:)

שנעלער לויפט, שעהנהייט קויפט,
זעהר בעטריעבט, נישט געליעבט,
זעהר בעטריעבט, נישט געליעבט,
דערמאָנט מיך ניט יעצט אין דעם.
ענדליך געהט דאָס קאָהר שוין אהיים. (אב)

(קאָהר אָב מיט יוגענד און שעהנהייט.)

בלאָף (רופט). דיא הויפּט שוישפּיעלער! וויא זענען אונזערע הויפּט־שוישפּיעלער?

סטאף. יא, וויא זענען זיי?

בלאָף. העי, צייט! צייט! דו אַלטער שיק יונגע!

(צייט קומט לאַנגזאַם.)

אָה, דו ביזטו, אַלטער פאטער צייט.

סטאף. צייט האָט שוין אַרויסגערופען אַלע סאָרטען מאַסקירטע אום דורכצופיהרען דיא זאָנדערבאַרסטע סצענען אויף דער לעבענס־ביהנע. און ער האָט שוין אַראָבגעלאָזט פיעלע טראַגישע פאָרהענגע.

בלאָף. און ווען ער רופט מוזען אַלע פאָלגען. (צו צייט) געה געפין אַמביציאָן, וועק אויף ליידענשאַפט, רוף אַרויס יעדעפרוי, רוף איינבילדונג. (צייט אב.) (צו סטאף) מען זאָגט אַז צייט פליהט; אויף דער זייט פאָר־האַנג שיינט מיר אַז ער קריכט.




יוגענד און שעהנהייט, ניין. איך מוזען מיר האָבען, וועניגסטענס אין קאָהר.

סטאַף. צום טייפעל מיט אונזערע שווישפיעלער! ליידענשאַפט איז אַ גרויסער פוילענצער בעפאַר מיטאג. אַמביציאָן איז קראַנק און שלאָפט, איינבילדונג דרעהט זיך אַרום אין גאַרדעראָב. יעדעפרוי האָט אַלע מאָל נייע קאַפּריזען, און לאַכט זיך אויס פון פּינקטליכקייט. קום, בלאָף, לאָמיר געהן עסען מיטאג.

בלאָף. יאַ, דו האָסט רעכט, דיא וואָס וואַרטען אויף סטאַרס שטאַרבען פון הונגער, און איך בין הונגעריג, קום.

יעדעפרוי (דרויסען). רייכטהום, היים דעם שאָפער וואַרטען. ביהנע אַריינגאַנג? נישט איך! בין איך נישט אַ סטאַר? מילאָרד דומהייט, דיר פּערטרויע איך מיין הינטעלע. דיא ווייסט דאָך דאָס שפּריכוואָרט: „ליעב מיך, ליעב מיין הינטעל“.

בלאָף. דאָ קומט יעדעפרוי, אונזער סטאַר.

סטאַף. אונזער סטאַר! .ביי מיין עהרענוואָרט! זיא בלישטשעט נישט וויא אַ שטערען נאָר זיא שיינט וויא אַ גאַנצעס זאָנענסיסטעם.

יעדעפרוי (דרויסען). וואָס זאָגסטו, רייכטהום? דו ווילסט זעהן אַ ביהנע מיט דיא גאַנצע ליכטיגע בעפּוצונג, אויסגעשטעלט צו דעם אונבאַרמהערציגען טאָג־ליכט? נון, קום מיט. עס איז געגען דיא געזעצע, אָבער יעדעפרוי האָט ליעב צו ברעכען דיא קאָנווענציאָנעלע געזעצע.

(יעדעפרוי רייך געקליידעט. רייכטהום רויכט אַ סיגאַר. דומהייט טראָגט אַ הינטעלע. געוויסען בלייבט פון ווייטען.)

סטאַף. זאָ, יעדעפרוי, ענדליך ביזטו דאָ.

יעדעפרוי. העללאָ סטאַף! העללאָ בלאָף! געוויסען! (זוכט זיא) וויא איז מיין דיענסטמעדכען? וויא? דיא קריעגסט לאָמפּענפיעבער זאָגאַר ביי אַ פּראָבע, דו קליינע? דאָס זענען בלויז דירעקטאָרען, זיי וועלען דיך נישט בייסען. (גיט איהר גלאָווס) נאַ, נעם מיינע האַנדשוה!

סטאַף. איך האָב געזאָגט, ענדליך ביזטו דאָ.

יעדעפרוי. ענדליך! געוויס, מיר שיינט אַז איך בין דאָ דיא ערשטע. אבער, אויב איך בין צו שפּעט —

סטאַף. דו ביזט אימער שפּעט!

יעדעפרוי. דאַן לעג אָב דיא פּראָבע, וועלען מיר מאַכען פּראָבע אַן אַנדערן טאָג. געוויסען, גיב מיר צוריק מיינע האַנדשוה.

בלאָף. ניין, בלייב! אָבער ווער זענען דיא שטערער, וועלכע דו האָסט מיט דיר געבראַכט? (צו דומהייט) יונגערמאַן, הינטלעך זענען פערבאָטען הינטער דיא קוליסען.

סטאַף (צו רייכטהום). רויכען אין טהעאַטער איז אַ שרעקליכעס פערברעכען פאַר יעדען איינעם אויסער דעם דירעקטאָר.

יעדעפרוי. דאָס זענען מיינע פריינדע.

בלאָף. און אַז דיינע פריינדע, איז וואָס? אויף יענער זייט טהיר מעגען דיא פּלאַנעטען זיך אַרומדרעהען אַרום שטערן.

יעדעפרוי. ששש! קומט אַהער, בלאָף און סטאַף. קענסטו נישט רייכטהום, דעם מולטי־מיליאָנער? דאָס איז ער דאָך, דער גרויסער. האָסטו




ווילקאָממען רייכטהום, דרײַ מאל ווילקאָממען !

נישט געהערט פון לאָרד דומהייט, וועלכער וועט ווערען אַ פירסט? ער שפּיעלט זיך מיט מיין הינטעל.

בלאָף. דאָס איז ווירקליך רייכטהום? (נעהמט אַראָב זיין הוט) ווילקאָמען רייכטהום, דריימאל ווילקאָמען. ווילסט בעזוכען אונזער אָרים טהעאטער? עס איז גאַנץ צו דיין פערפיגונג.

סטאָף (נעהמט אַראָב זיין הוט פאַר דומהייט). מילאָרד, ביטטע, מאַך דיך דאָ היימיש, זאָל איך ארויסרופען דיא דאַמען פון קאָהר אום דיך צו אונטערהאַלטען?

דומהייט (מיט געצויגענע ווערטער). ניין, דאַנקע, איך האָב נישט קיין לוסט יעדעפרוי אייפערזיכטיג צו מאַכען.

סטאָף. אַ נאָבלעס געפיהל, און דאָך לאַכען מאַנכע אָב פון עדעל געבאָרענע און גוט ערצויגענע.

( בלאָף (צו רייכטהום). דו זעהסט, דאָס זענען דיא פליעגעל.

יעדעפרוי. זעהר אינטערעסאַנט פאַר דעם וואָס וויל ווערען אַן ענגעל. העע, בלאָף?

סטאָף (צו דומהייט). דאָס זענען דיא פיס־ליכט.

יעדעפרוי. און ביי זייער שעהנעם ליכט פערברענען זיך אָפט דיא פליעגעל פון דומע יונגע ביענען, אַלזאָ פּאַס אויף!

רייכטהום (אין מיטען). וואָס איז דאָס?

בלאָף. אַ פעלז.

רייכטהום (קלאַפּט דאַרויף). הויל, מיין עהרענוואָרט!

בלאָף. פאָרזיכטיג, רייכטהום, ריהרט דאָ גאָר נישט אָן אויף דער ביהנע, ווייל דו וועסט דיר בעשמוצען דיינע הענד.

יעדעפרוי (צו בלאָף). מיר שיינט גיכער אַז מיט דער בעריהרונג פון רייכטהום וועט דיא ביהנע בעשמוצט ווערען.

דומהייט. איך וואָלט גאָר נישט געגלויבט אַז עס איז אַזוי שמוציג הינטער דיא קוליסען.

יעדעפרוי. נו, דו האָסט דאָך נאָר געקוקט אויף דער בעגילדעטער זייט פון דער לעבענס־ביהנע.

רייכטהום. קיין קאַרפּעט אויף דעם באָדען! עס פּאַסט גאָר נישט אַז יעדעפרוי זאָל שלעפּען איהרע קאָסטבאַרע קליידער דורך אַזעלכען שמוץ.

יעדעפרוי. זיא מוז! דאָס איז דיא שטראַפע וואָס אַ שוישפּיעלערין מוז אונבעדינגט בעצאָהלען.

רייכטהום. אבער איך רייכטהום קען אויספלאַסטערען דיין וועג מיט ראָזען.

יעדעפרוי. אַזעלכע ראָזען וויא דיא מיידלעך מיט דיא בלאַסע געזיכטער מאַכען אין דיא פאַבריקען.

בלאָף. אבער, מיין העדר, ווען דיא פאָרשטעלונג פאַנגט אָן איז דאָ אַלעס עלעגאַנט און גראָסאַרטיג.

סטאָף. מיר שטאָלצירען דערמיט וואָס מיר פערשווענדען אַזוי פיעל געלד אויף מיז־אָן־סצענ׳.

רייכטהום. וואָס מיינט איהר?

יעדעפרוי. ער מיינט דעם פאַלשען פּראַכט און גלאַנץ געגען וועלכען דיא זאָננע שעהמט זיך; דיא פאַלשקייטען וועלכע זיינען אזוי קינסטליך צוזאַמענגעשטעלט אַז עס איבערטרעפט דיא נאַטור אַליין. אבער הערט, רייכטהום און דומהייט, עס פּאַסט גאָר נישט אַז איהר זאָל אויסגעפינען דיא אַלע קונצען. זעהט נאָר דיא אַרמע אומגעבונג אין וועלכער יעדעפרוי מוז פערדיענען איהר טעגליכעס ברויט, געראַדע וויא עס איז הינטער דעם פאָר־האַנג פון דעם אַלטעגליכען לעבען. יעצט געהט!

רייכטהום. רייכטהום שטעהט צו יעדעפרוי'ס פערפיגונג! (פערנייגט זיך געהט).

דומהייט. דומהייט געהאָרכט יעדעפרוי. (געהען).

יעדעפרוי. הער, רייכטהום, היינט נאַכט וועט ביי מיר זיין אַן אונטער־האַלט, ווילסטו ביי מיר זיין צו סופּעה?

רייכטהום. מיט'ן גרעסטען פערגניגען. אויב דו פערשפּרעכסט מיר אַז איך מעג דערפאַר בעצאָהלען.

יעדעפרוי. און דו, מילאָרד דומהייט?

דומהייט. ענטציקט! ענטציקט!

יעדעפרוי. בלאָף און סטאָף, בעגלייטעט מיינע פריינע צו דער טהיר.

(בלאָף און סטאָף פערנייגען זיך. רייכטהום און דומהייט געהן..

סטאָף. דאָ אַרום, מילאָרד!

בלאָף. דער אַרויסגאַנג איז שלעכט בעלייכטעט און אומגעלומפּערט געמאַכט. פּאַס אויף רייכטהום, קענסט נאָך פאַלען. (רייכטהום און דומ־הייט אב.)

סטאָף (אַפּאַרט צו בלאָף). ווען ער זאָל פאַלען אזוי וויא עס פּאַסט פאַר אונז מעג איהם גאָט העלפען, ווייל ער וועט שנעל ווערען...

בלאָף. וואָס?

סטאָף. אַן ענגעל. (אב מיט בלאָף.)

יעדעפרוי. געוויסען! אָה, דאָ ביזטו, געוויסען. געה שנעל אין מיין גאַרדעראָב, עס איז דאָרט אַ שטיקענדע לופט מען קען דאָרט נישט זיצען, ברענג דאָ אהער מיין טיש, איך וויל מיין טואַלעט צורעכט מאַכען. איך דאַרף שעהן אויסזעהן, ווייל, ווער ווייסט, ער, דער קעניג וועלכען איך זוך קען נאָך היינט קומען. שיק מיר אהער יוגענד און שעהנהייט. (געוויסען אב) אין דער וואַרהייט זעהט עס אויס זעהר נאַרריש יעדען טאָג איבערצולאָזען דעם זאָנענשיין פון לעבען צוליעב דיא פאַלשקייטען פון דער פינסטערע ביהנע, יעדע נאַכט צו פערזאָרגען דיא מאַסען, וועלכע מייסטענטהיילס האָבען נישט קיין הערצער צו סימפּאַטיזירען און קיין געהירן צום פערשטעהן. און דאָך, זיי האָבען פון מיר געמאַכט אַ סטאַר, האָבען מיך ערהויבען ביז דעם נאַרר'ס פּאַראַדיעז.

(יוגענד ערשיינט מיט שעהנהייט.)

אָה, מיין יוגענד און שעהנהייט, איהר ווײנט ביידע! וואַרום? וואָס איז געשעהן, טהייערע פריינדינען מיינע? צייט האָט איך נישט שלעכט בעהאַנדעלט. וואָס איז? האָבען פּיעללייכט סטאָף און בלאָף געוואַגט צו בעליידיגען יוגענד און שעהנהייט?

יוגענד. זיי האָבען ביי אונז געראויבט אונזער אונשולד.

שעהנהייט. זיי האָבען זיא אוועגגענארט.

יעדעפרוי. איז עס ווירקליך וואהר אז אונשולד — אונזער זיסע פריינדין, איז פון ראַנען פערטריעבען? וויא אזוי איז זיא אוועק, און וויהין?

יוגענד. דאָס, ליידער, ווייסען מיר נישט.

שעהנהייט. ווען מיר האָבען געשריענען, געוואָלט זיא פערטהיידיגען, האָט מען אונזערע הענד, אונזער קערפּער געפּאַקט מיט אייזערנע הענד;

יוגענד. גראָבע הענד האָבען ארומגענומען אונזערע טאַליען, און ווען נאָכהער מען האָט אונז בעפרייט, האָבען מיר אומזאָנסט געזוכט אונזער אונשולד.

יעדעפרוי. זיא איז נישט פעהיג זאָגאר פאַר א קאָהר־מעדכען. וואָרום שפּיעלען דיא גוטע און עהרליכע אזעלכע קליינע ראָלען אויף דער לעבענס־ביהנע? איך בין א סטאַר. ערפאָלג האָט בעקרוינט מיין אנשטרענגונג אין דער קונסט וועלכע איך האָב אויסגעוועהלט, איך בין בעריהמט, און דאָך ליעבע איז נאָך נישט געפונען. אָה, שעהנהייט, יוגענד, פריינדינען טהייערע, וועלכע זענען נאָך מיט מיר, ברענגט, איך בעט אייך, ברענגט זאָפאָרט דעם מעכטיגען מאָנאַרך וועלכען איך זוך, יעדעפרוי מוז און וועט געפינען ליעבע.

יוגענד. האָסטו געזעהן דעם שוישפּיעלער ליידענשאַפט? האָסטו בעמערקט וויא ער בליקט אויף דיר?

יעדעפרוי. יא.

יוגענד. פיעללייכט איהם זוכסטו?

יעדעפרוי. ווירקליך, אויב אזוי, דאַן איז מיין זוכען פאַריבער. זעהר גינסטיג איז ער, נישט וואהר? זיין בענעהמען איז נאָר וויא פון א קעניג, זיין זינגען געטליך.

יוגענד. דאָס איז וואהר, אָבער דו דאַרפסט עס ענטשיידען. האָסטו דיך געפיהלט וויא אין פערלעגענהייט אין זיין אנוועזענהייט?

יעדעפרוי. יא, יא, מיין הערץ הייבט זיך ארויף ווען איך הער זיין שטימע, זיין מינדעסטע בעריהרונג ערוועקט זאָנדערבאַרע געפיהלע — פערלאַנגען — בענגען — וועלכע זיינען פריהער געוועזען אונבעקאַנט. קומט ליעבע אזוי?

(אונשולד ערשיינט אין שטיין געבונדען אין קייטען.)

אונשולד. ניין, יעדעפרוי, ניין!

יעדעפרוי. העוֹט! אונשולד רעדט!

אונשולד. היט דיך פאַר ליידענשאַפט. ליידענשאַפט איז נישט ליעבע.

יעדעפרוי. זיסע אונשולד! דו ביזט דאָך נעבען אונז?

אונשולד. יא, אזוי לאַנג וויא דו ווילסט. אָבוואָהל געבונדען און איינגעקערקערט, פון מענער פערטריעבען, דאָך וועסטו הערען מיין שטימע, יעדעפרוי, ביז דו אַליין וועסט זאָגען: גענוג!

יעדעפרוי. וואָרום ביזטו פערבאָרגען? וואָרום און וויא? האָב איך נישט אימער פערלאַנגט דיך אין מיין געזעלשאַפט? האָב איך נישט רעספּעקטירט דיין אורטהייל? האָסטו מיך נישט געראַטהען וויא איך זאָל מיך קליידען? דאָס איז דאָך דאָס וויכטיגסטע ביי יעדעפרוי. וואָרום שפּיעלסטו

מיטעל, אז ליעבע און רייכטהום זענען איינס, דאַן וויל איך הערען וואָס דו האָסט צו זאָגען דארויף.

רייכטהום (שטעהט אויף). א פּאַלאַסט אין מיטען שטאדט, א לוסט־שיף. א לאַנד־הויז, א גוט פון א באַראָן אין ענגלאַנד, פערד, אויטאָמאָבילס, דיאַמאַנטען ציערינג, צו פערשעהמען אַן אָריענטאַלישען פּרינץ. פון פּאַריז קליידער, טהייערע זעלטענע פּערל, א לאָזשע יעדען סיזאָן אין דער אָפּערא.—

יעדעפרוי. און איז דאָס ליעבע
וואָס לעגט פאַר דיא אַלע זאַכען? מיר האָט מען געזאָגט
זיינע מאַיעסטעט עסט איינפאַכע שפּייזען, ער לעבט
מיט ברויט און קעז און קיססע. אָה, גוט, זאָג מיר,
אויב אין דער וואַרהייט דו ביזט ליעבע, וואָלסטו געוועזען מיין
איינציגער פריינד ווען יוגענד און שעהנהייט וואָלטען פון מיר אוועק?
וואָלסטו שפּאַציערט מיט מיר צופריעדען ווען צייט
וואָלט געפיהרט אונזערע ציטערענדע פוסטריטע צום גראב?
אַנטוואָרטע מיר, דיא וואַרהייט!

רייכטהום. ביי גאָט! אויב דו ווילסט עס דורכאויס וויסען.
דאַן מוז איך דיר זאָגען, יעדעפרוי, אַז רייכטהום
וויל בעסער אז דיינע גנעדיגע דיענערשאַפט, יוגענד און שעהנהייט,
זאָלען בלייבען מיט דיר.

יעדעפרוי. אבער אין דיין פּאַלאַסט אויף
דיין לוסטשיף, בלויז מיט דיר אַליין?

רייכטהום. אַליין. אבער דיין יוגענד און שעהנהייט זאָלען נישט זיין פערשטויסען פון דיר.

יעדעפרוי. אין פריהמאָרגען, אם מיטאג, ביי נאַכט מיט ליעבע — מיט דיר.

רייכטהום. מיט ליעבע — מיט מיר. קיינער מעהר אויסער יוגענד און שעהנהייט.

יעדעפרוי. און ווען זיי פערלאַסען יעדעפרוי, ווען צייט רופט זיי,
און זיי געהען אוועק, ווייל ווען צייט רופט מוז מען געהן.

רייכטהום. אַוועקגעהן, דאַן וואָלט איך זיי געזוכט נאָך אמאָל. און מיט אַזוי פיעל קונסט וויפיעל רייכטהום איז אימשטאַנדע אָנצואווענדען וואָלט איך זיי צוריק געקריעגען, ווייל דיא וואַרהייט געזאָגט,ביידע, יוגענד און שעהנהייט, זענען אימער געוועזען ליעבלינגע אין דעם הויף פון קעניג ליעבע.

יעדעפרוי. אָה! יעצט איז דיין מאַסקע אַרונטער, איך קען דיך רייכטהום, דו ביזט נישט א קעניג, דו האָסט קיין טהראָן צו פערשענקען. דו ביזט בלויז א ניעדערטרעכטיגער סולטאַן, וועלכער, מיט זיינע רייכע געשענקע וואָלט יעדע פרוי מיט איהר שעהנהייט, מיט איהר יוגענד און מיט אַלעם וואָס דיר געפעלט פאַר א קורצע ווייլע אריינגענאַרט און פערשקלאַפט אין דיין האַרעם. האַ, לומפּ! אויסוואורף! בעסטיע.

רייכטהום. א בייזע פרוי! נו, איך וועל פאָרלעגען מיין ביטע צו יוגענד.

יעדעפרוי. זיא שלאָפט.

רייכטהום. ראן זאָל זיין שעהנהייט, זיא וועט מיך נישט אויסלאַכען.
יעדעפרוי. זיא איז קראַנק. געה!
(רופט) העי! דיענער! געוויסען! (גראַוועל, סניק, געוויסען קומען.)
ציינט רייכטהום דיא טהיר, עפענט ברייט דיא פענסטער
זאָל טאָגעסליכט אריינשיינען, זאָל דיא הימלישע לופט
פערטרייבען דיעזע אונריינע, שטיקענדע אַטמאָספערע.
(מען עפענט פענסטער, ליכט שיינט אויף שעהנהייט.)
איך האַסס דיך, רייכטהום! איך האַסס דיך! געה פון דאַנען!
איך האַסס מיך אַליין, איך האַסס דיא פאַלשקייטען, דיא שאַנדע
פון אַזאַ לעבען וויא דאָס איז. ליעבע וואָהנט נישט דאָ.
יוגענד, זיסע יוגענד, ערוואַך! איך און דו
און שעהנהייט וועלען אַוועקגעהן פון דאַנען, צוריקגעהן צו וואַרהייט.
דיא העקסע, דיא וואַהרזאַגערין וועט אונזער פיהרערין זיין.
שעהנהייט, מיין שעהנהייט, איך וועל דיך פּפלעגען, אויף דיר גוט אויפ־
פּאַסען. (געהט צו שעהנהייט.)
געוויסען (האַלט זיא אויף). צו שפּעט! צו שפּעט!
יעדעפרוי. וואָס מיינסטו?
געוויסען. צום בעדויערען מוז דיר דיין געוויסען
ערצעהלען דיא שרעקליכע נייעס. שעהנהייט איז פערלאָרען
פאַר דיר אויף עוויג.
יעדעפרוי. שעהנהייט פערלאָרען?
געוויסען. זיא איז טויט! (יוגענד פאַלט אין אונמאַכט אין גע־
וויסענס ארמע.)
יעדעפרוי. טויט! טויט! (לויפט צום זאָפאַ, קושט שעהנהייט.)
דיא ליפּען קאַלט! מיין שעהנהייט פערלאָרען! אָה ניין, ניין!
דאָס קען נישט זיין וואהר!
געוויסען. בעטראַכט דיין שפּיעגעל, וויא שמייכעליי פלעגט אמאָל
וואָהנען.
יעדעפרוי (וואַנקט צום שפּיעגעל, אויף טויט ערשראָקען ווען זיא
בליקט אין שפּיעל. וואַרהייט זעהט זיך אין איהם.
דאָס איז נישט איך — דאָס עקעלהאַפטע געזיכט (צום שפּיעגעל)
איך קען דיך! דו ביזט וואַרהייט, וועלכע ניעמאַנד ליעבט.
צוריק צו דיין ברונען, דו העקסע! און ערטרינק דיך אין וואסער. (וואַרפט
אַ פלאַש אין שפּיעגעל.)
וויין! וויין! פאַר יעדע פרוי.
רייכטהום איז נאָך מיט איהר. וויין פיר רייכטהום!
(צו רייכטהום) ווילסטו טאַנצען?
זעהט! יעדעפרוי פיהרט רייכטהום אַ לוסטיגען טאַנץ!
(נעהמט זיין האַנדביידע זינגען הויך און טאַנצען ווילד.)
דער טייפעל קעניג! טייפעל קעניג! טייפעל קעניג! האַ! האַ! האָ!

פאָרהאַנג.



צו שפּעט ! צו שפּעט ! שעהנהייט איז פערלאָרען פאַר דיר אויף אייביג. זי איז טויט.




וויין פיר רייכטהום! זעהט, יעדעפרוי פיהרט רייכטהום א לוסטיגען טאנץ.

# פיערטעס געזאנג

אַ שטראַססע, רעכטס אַ קאַפּע רייך בעלייכטעט, פאַרהאַנג אַראַב־געלאָזט. לינקס אַ טעמפּעל, לבנה שיינט, עס שנעעט. עס איז נייַיאהר אבענד, מאַסען מענשען אוי דער ביהנע מיט טרובעס, פרעהליך. ווען אַלע אב, ערשיינט ניעמאַנד.

ניעמאַנד. האַ־האַ! האָ־האָ! דאָס איז דיא לוסטיגע ווייסע שטראַסע.
מיט גוטע אַבזיכטען האָבען זיא אויסגעפּלאַסטערט מענשען אַ מאַסע.
„אַ קליינע גאַס אין הימעל" רופט מען דאָ דיא שטעללע,
גלויבט ניעמאַנדען, זיא פיהרט דירעקט אין דיא העללע.
דאָ זוכט יעדעפרוי, פיעללייכט אויך יעדערמאַן,
טרייסט אָדער אויפרעגונג — אַ נוצלאָזער פּלאַן.
ארמע דומע שטערבליכע! זיי ווייסען אַלע זעהר ווענינ.
ניעמאַנד איז דאָ גליקליך, האַ־האַ! האָ־האָ! טייפעל קעניג!
איך, ניעמאַנד, בעט אייך אום פערצייהונג הייטע,
פאַר צייגען דיא לוסטיגע ווייסע שטראַסע צו אנשטענדיגע לייטע,
וויא אַלעס איז פאַלש, ליעבע איז אַ בלאָף,
קלוגהייט איז אַ וואָלף, עהרליכקייט אַ שאָף.
אָבער דאָך, ווערענד איך בעט אייך אום פערצייהען,
פערגעסט נישט, מיין אויפגאַבע איז אונדאַנקבאַר אין צווייען.
איך מוז אויך אויפדעקען דעם אָבגרונד אין וועלכען זיי קריכען,
ווען יעדעפרוי וואַנדערט אַרום אום ליעבע צו זיכען,
איך שטעה דאָ שוין צו לאַנג, ווייל אין דיעזע פרעהליכע וועלטען
פון דער לוסטיגער ווייסער שטראַסע, זעהט מען מיך זעהר זעלטען.
און דאָ קומט זינד, יעדען וויל זיא געפעלען,
אַ מיליאָן וועגען האָט דיא שקאַפע וויא זיך צו פערשטעלען.
אַרום איהר זעהט מען אימער נאַררען גאַנצע מאַסען,
פון הינטען געהן איהר נאָך באַנדיטען, שלעכט און אויסגעלאַסען,
שאַף, טויב און עזעל פערפאָלגט פון בייזע טהיערען,
יעצט לאָזט דיא פּראָצעסיאָן דורך דער לוסטיגע ווייסע שטראַסע פאַסירען.
(שטעט זיך העפליך אוועק אין אַ זייט. אב.)

(זינד, וויא אַ שעהנע פרוי קומט אָן זינגענד.)

זינד.

מיט פריידע פיעל, קום גאַנץ שטיל,
וויא איז דיא מילב וואָס אַנטלויפט פון דעם ליכט?
זאָגאַר איך, לויף אויף גיך
צו דעם שעהנעם ווייסען ליכט.

נאַררען:

ראַה! ראַה! ראַה! ראַה! ראַה!
מיר זענען וואוילע יונגען;




דאָס איז די לוסטיגע ווייסע שטראַססע.

אונזער וועלט האָט פיעל געלד,
לאָמיר טאַנצען און אויך זינגען.

מיידלעך :

מיידלעך שעהן, נישט געמיין,
געקליידעט אין פראַכט און גלאַנץ.
מיר לאַכען הויך, זינגען אויך
און פערפעהלען ניט קיין טאַנץ.

קאָהר :

מיר זענען שלעכט, אונגערעכט,
קיינער קען אונז ניט דערקענען ;
רויבען שטיל איז מיין ציעל
און מיר רופען דאָס נאָך עהרליך נעהמען.

(טאַנצען, זינגען, אַב.)

(יעדעפרוי ארם געקליידעט, שוואַך, פיהרט יוגענד.)

יוגענד. אָה ! יעדעפרוי ! וויהין געהסטו ?
איך וואָלט זעהר געוואָלט דיר נאכפאָלגען וויא דיין שאטען, אבער
איך פיהל מיינע פיס ווערען שוואַך און מיין הערץ
שרעקט מיך זעהר, אַז באַלד וועט קומען צייט, דער שיקיונג,
און מיך אוועקרייסען פון דיר. יענע דאָרט האָבען געזאָגט
אַז צייט האָט געשוואָרען צו טעדטען דיין יוגענד, ווייל דו
יעדעפרוי, האָסט אימער געוואָלט אין דיין אויסגעלאַסענעם לעבען צייט
פערטרייבען.

יעדעפרוי. ניין, מונטער דיך אויף,
ווער פרעהליך, מיין יוגענד, דו ביזט מיין איינציגע האָפנונג.
אָהן דיין הילפע, וויא קען איך צוריק געווינען
דיא לאָרבערקרענצע וואָס איך האָב פערלאָרען ? דו ווייסט זעהר גוט,
ווען שעהנהייט איז געשטאָרבען, האָבען דיא זעלבע פריינדע מיינע, וועלכע
אַמאָל האָבען מיך געמאַכט פאַר אַ סטאַר, מיך פערלאַסען, מיך פעראַכטעט.
נאָך האָב איך דיך, און יעדעפרוי
ליעבט איהר יוגענד מיט יעדען יאהר אַלץ מעהר,
אין דיעזע טהירען, וויא אַלעס איז לוסטיג פרעהליך
וועלען מיר פיעללייכט איינעם געפינען, וועלכער קען אומקעהרען
דיין פריעדען — מיין גליקזעליגקייט.

יוגענד. דו זוכסט ליעבע ?

יעדעפרוי. איך זוך... וואָס זוכט יעדעפרוי
וואָס וויים נישט פון ליעבע ? ועעמעס זוכען איז געווען אומזאָנסט ?
רייכטהום זוך איך ! ניין, יוגענד, דו דאַרפסט נישט שוידערען
און צוריקווייכען פון מיר. געדענקסטו ביי שעהנהייטס גראב
האָט מיר רייכטהום געזאָגט אַ קאַלטען לעבעוואָהל ? ביז דאַן איז ער געוועןן

מיין שקלאַוו, מיין אייגענטהום, מיט ליב און זעעלע. יעצט, איך מיט דיר וועלען איהם צוריק געווינען.

יוגענד (ציטערט). ניין! ניין! אונזערע אַלע שמערצען האָט רייכטהום פעראורזאַכט.

(וואַרהייט הינקט אַריין.)

וואַרהייט. וואָהלטהעטיגקייט! וואָהלטהעטיגקייט זוך איך!

יעדעפרוי. יוגענד, יוגענד! זעה!
דאָ איז אַרמוטה, לאָמיר זיא פרעגען, און זעהן
ווער עס איז פריינדליכער, רייכטהום אָדער ארמוטה.
(צו וואַרהייט) אַלטע פרוי! זאָג אונז גיטיגסט פון דיין ערפאַהרונג:
וואָס איז דאָס וואהרע גליק? וויא קען מען עס געפינען?

וואַרהייט. אַ פאַבעל! אַ מיראַזש, אַ דיכטער'ס טרוים,
דאָס פערשוואונדענע סובסטאַנץ פון אַ וואהנזיניגענס פלאַץ.
אַ פאַלשעס ליכט איז דאָס גליק, ווען מען זוכט עס
קען מען עס ניע עררייכען, עס ווערט ניע געפאַנגען.
אַן ערשראָקענער געיאַגטער האָז. — יאָגענדיג נאָך דעם
ווערען פרויען אויסגעלאַסען, מענער ווערען בעסטיען,
דאָך דאָס גליק וועט זיכער קומען שנעל
צו דיא, וועלכע יאָגען זיך נישט שטאַרק דערנאָך.
איך זאָג דיר, וואָרן דיך, יעדעפרוי, יוגענד,
אויב דו זוכסט גליק, פאָלג וואַרהייט.
וואָהלטהעטיגקייט! וואָהלטהעטיגקייט זוך איך. (אב)

יעדעפרוי. זיא בעט שטיצע,
דיא ארמע אונגליקליכע! און דאָך רעדט זיא פון גליק וויא פון איהרען אַ פריינד. און זיא איז ארם... אָה, לעכערליך!

יוגענד. ניין, יעדעפרוי, ביזטו דען זיכער אַז דו האָסט רעכט?
איהר געשריי איז געווען: וואָהלטהעטיגקייט זוך איך.

יעדעפרוי. איז עס נישט לעכערליך דאָס צו זוכען
אויף דער לוסטיגער ווייסער שטראַסע, וויא דאָס איז גאַנץ אונבעקאַנט?

יוגענד. אבער איז דאָס געווען איינפאַך אַרמוטה, וועלכע האָט גערעדט דיעזע וואונדערבאַרע ווערטער? (קוקט נאָך וואַרהייט.)
אָה! יעצט דערקען איך דאָס געשטאַלט,
האָסטו פערגעסען וויא מיט פיעלע יאָהרען צוריק
האָט זיא געוואָהנט אין דיין גאָרטען? ערינערסטו דיך
וויא זיא האָט דיך געווארנט, בעפאָר דו ביזט געגאַנגען זוכען ליעבע,
בעפאָר דיין געפעהרליכע רייזע האָט אָנגעפאַנגען? דאָס איז געווען וואַרהייט
וואָס האָט דאָ גערעדט. האָט יעדעפרוי פערגעסען וואַרהייט?

יעדעפרוי. וואַרהייט? איך קען נישט וואַרהייט.

יוגענד. אָבער ערינער דיך, עס איז געווען אַ צייט, ווען מיר האָבען זיך געוואָלט בעראטהען מיט איהר.

יעדעפרוי. יא, יעצט ערינער איך מיך, דאָס איז די וועלכע

ניעמאַנד האָט געליעבט, פערקריפּעלט, איינגעבויגען איז זיא געוועז,
דאָך איהר געזיכט איז נישט גאַנץ העסליך.

יוגענד. איהר שטימע איז געוועזן זעהר זיס.

יעדעפּרוי. אבער נישט
אַזוי זיס וויא דיא שטימע פון שמייכעליי, געדענקסטו,
זיא איז פערשוואונדען ווען ער האָט גערעדט? יעצט איז ער שטום,
ער לאַכט נישט מעהר צו מיר, ערצעהלט מיר נישט מעהר
פון דעם קעניג, וועלכען איך זוך. יענע נאַכט, ווען שעהנהייט איז געשטאָרבען,
בין איך צו מיין שפּיעגעל געגאַנגען, וויא שמייכעליי פלעגט אַמאָל וואָהנען,
האָב איך געזעהן אַ געזיכט — נישט מיינס, נישט זיינס. אָה גאָט!
עס איז געוועזן שרעקליך! עס האָט מיך פעררוקט געמאַכט, אבער יעצט
פערשטעה איך, ווארהייט האָב איך געזעהן. ווארהייט פערפאָלגט מיך, לאַכט
פון מיר, לויערט אין מיין שפּיעגעל, קומט אונגעלאַדען, יעצט קומט זיא אין
פערקליידונג פון אַרמוטה.
אָה, יוגענד! זיסע יוגענד, בעהאַלט מיך פון ווארהייט,
איך וואַג נישט איהר געזיכט צו זעהן. (בעהאַלט איהר געזיכט אין יוגענד'ס
שאַלל.)

(מען הערט זינגען אין קאַפע. ביידע האָרכען.)

(אין קאַפע־הויז.)

זינגט אַ פרעהליך ליעד צו ווענוס,
טהוט איהר אָן אַ קלייד פון וויינבלעטער,
קלינגט דיא גלעזער, קושט דיא געטער —
ליעבע איז פון וויין געבוירען.

(מען הערט גלאָקען קלינגען. צייט האַלט אַ דאָלך אין האַנד, בלייבט
פון וויטען.)

יעדעפּרוי. רייכטהום איז דאָרט. האָסטו נישט ערקענט
זיין שטימע, אין מיטען דעם ליארם?

יוגענד. אָה, יעדעפרוי, הער מיך אויס.
לאָמיר בעסער געהן בעטען גאָט, עס קומט אַ ניי יאהר.
לאָמיר זוכען ווארהייט. (וויל זיא אַוועקפיהרען.)

יעדעפּרוי. ניין, איך מוז צוריק געווינען רייכטהום.

יוגענד. און וואָס איז וועגען ליעבע?

יעדעפּרוי. נו, וואָס? הערך! (מען זינגט ווידער אין קאַפע.)

גיעס מיר אָן אַ גלאָז צו ווענוס,
דיען צו איהם וויא צו אַ גאָט,
הייסע קושען מיט'ן וויין אויסמישען,
נעם אַלעס וואָס דיא ליעבע האָט.

יוגענד. יעדעפרוי, קום בעסער אוועק.

יעדעפרוי. לאז מיך! דו, יוגענד, אויך ווענענס הילפע איך האב מיך פערלאזט. דו ווילסט מיך אויך פערלאסען? גוט! מיך קימערט נישט. געה! אויב דו ווילסט, געה בעטען גאט, איך ברויך דיך נישט.

יוגענד. אה, יעדעפרוי.

יעדעפרוי. איך זאג דיר, געה!
דו ביזט אן עלענדעס געשעפף קיין פאסענדע געזעלשאפט ביזטו
פאר אזעלעכע וויא איך.

יוגענד. אבער דו ליעבסט מיך?

יעדעפרוי (בעז). ניין, דו ביזט עס געווען,
וועלכע האסט יעדעפרוי צום ערשטען פערפיהרט. דו ביזט עס געווען
וועלכע האסט געזאגט אז ליעבע וואס זיא זוכט קען מען לייכט
געפינען אין דיא טהעאטערע פון דיא גרויסע שטעדט.
דו, יוגענר, אויף דיין ראטה האב איך געדענקט
אויף ליידענשאפט אז דאס איז ליעבע, און האב פערלארען מיין אונשולד,
ווארום, דו פאלשע יוגענד, האסטו דיך לוסטיג געשפיעלט מיט דעם גרויען
אלטער וועהרענד שעהנהייט איז געלעגען אויפ'ן טויטען בעט?
דו פעררעטהערין! דו היפאקריט! געה! געה! עס איז צייט! (געהט צום קאפע.)

יוגענד (דערזעהט צייט, ציטערט). הא!
האסט רעכט, עס איז צייט, דער שיקיונגע, וועלכער קומט נאך דער זעלע.
ער קומט אונז ווארנען, מיר זאלען זיך פארבערייטען צו דער לעצטער סצענע.
נון, גוט, איך בין פערטיג. אבער, צייט, ווארט נאך איין ווייל
ביז איך וועל נאך אמאל אריינגעהן אין דעם הייליגען טעמפעל
וויא וואהלטהעטיגקייט, גאט'ס געזאנדעטער און אמבאסאדאר
אין זיינע געבעטס־קליידער, שענקט פאלשטענדיגע
פרייהייט צו יוגענד און אלטער גלייך.
יעדעפרוי, דו טרייבסט מיך פון דאנען, לעב וואהל!

(צייט געהט לאנגזאם אב, ווינקט צו יוגענד, וועלכע געהט איהם נאך. ביידע אב.)

(רייכטהום קומט ארויס פון קאפע, פעררויכט א סיגאר.)

יעדעפרוי. עס איז רייכטהום. יעצט זאל פערשטאנד מיר זיין א וועג־ווייזער. דיא דומהייטען פון יוגענד וועלען מיך מעהר נישט צוריקהאלטען, איך וועל דא שטעהן ביי דער זייט און איהם בעגעגנען, עס וועט אויסזעהן וויא צופעלליג. (אב רעכטס.)

( א רעגען פון קאנפעטי בעדעקט רייכטהום. פרויען־געלעכטער בעגריסט איהם.)

(פיעלע באנדיטען און וואגאבונדען קומען פון אלע זייטען, בעגריסען דאס נייע יאהר פרעהליך מיט אידיאטישע האנדלונגען. זיי שטעלען



האָסט רעכט, עס איז צייט, דער שיק־יונג, וועלכער ·קומט נאָך דער זעעלע.

זיך פוןביידע זייטען טהיר, מאַכען אַ וועג. פון טהיר קומען אַרויס האַבזוכט, זעלבסט, אַייטעלקייט, ליידענשאַפט און אַנדערע מילבען און פּאַראַזיטען

פרויען וואַרפען קאָנפעטי אויף רייכטהום, וואַרפען קאָלירטע פּאַפּיער־בענדער. אַלע זינגען.)

קאָהר:

גליק צום ניי־יאָהר, גליק צום ניי־יאָהר,
צו דעם מולטי־מולמי, מולטי־מולטי מיליאָנער,
דיענט נאָר צו געלד, דאָס איז דיא וועלט,
גליק און געלד זענען דאָך ביידע איין פּאָאר.
א גליקליך ניי־יאָהר, אַ גליקליך ניי־יאָהר,
פאַר דעם מולטי־מולטי, מולטי־מולטי מיליאָנער!
יעדער וואָס האָט
נאָר געלד פאַר זיין גאָט
איז זיכער מיט אַ גליקליך ניי־יאָהר.

ליידענשאַפט:

איך זינג אַ לויב צו געלד
צו ליידענשאַפט'ס בעשיצער,
דער קעניג פון אַ יעדען מאַן
און יעדעפרוי'ס בעזיצער.
נאָר ער רעגיערט דיא וועלט.
דיענען מוז מען צו איהם נאָר,
ווייל ווער איהם דיענט
דער נאָר געווינט
אַ גוט און פרעהליך יאהר.

כאָהר:

גליק צום נייעם יאָהר א. ז. וו.

ליידענשאַפט:

נאָר רייכטהום גיט אונז פרייד,
און רייכטהום פילט די גלעזער,
פון וואַסער מאַכט ער גאָר וויין.
דאַן לאָמיר צו איהם טרינקען,
ער מאַכט פערגעסען לייד,
עס קומט קיין טאָג קיין בעזער.
דאַן לויבט און זינגט
צו געלד וואָס ברינגט
אַ גוט און אַ פרעהליך יאָהר!

רייכטהום. יעצט געהט! דאָס פעסט איז פאַראיבּער, ווער וויל רופען מיין קאַרעטע?

אידיאָטען און וואַגאַבונדען. איך! איך! איך! איך! (אלע אָב שנעל.)

רייכטהום. רייכטהום בעפעהלט און אַלע געהאָרכען. (צו פרויען) וועלכע פון אייך וויל פאָהרען מיט מיר?

פרויען. איך! איך! איך!

רייכטהום. דענקט איהר אז רייכטהום וועט אָנפּאַקען זיין קאַרעטע וויא אַ טראַמוועי? געהט! בעגלייטער וואַרטען אויף אייך דאָרט דרינען, רייכטהום האָט זיך שוין מיט אַלעמען אָבגערעכענט, קיין זאַך איז נישט געבליעבען אונבעצאָהלט. יעצט געהט!

פרויען און מעדכען (געהען אב). אַ גליקליכעס ניי יאהר! אַ גליקליכעס ניי יאהר! (אַלע אָב אין קאַפּע.)

(יעדעפרוי קומט וויא פערטראַכט.)

רייכטהום. אַ פרוי, יעצט אַליין, אַ גוטע געלעגענהייט פיר רייכטהום צו האָבען אַ ביסעל שפּאַס. (פערהאַלט זיא, נעהמט אַראָב זיין הוט) גוטען אבענד, פריילין!

יעדעפרוי. מיין הערר! (וויא בעליידיגט, בעטראַכט איהם, געהט נאכהער צו) אָה! וויא געהט עס דיר? עס פרעהט מיך ווירקליך דיך נאָך אמאָל צו בעגריסען.

רייכטהום. דו קענסט מיך?

יעדעפרוי. איך קען דיך זעהר גוט. האָסטו שוין אזוי שנעל פערגעסען?

רייכטהום. האַ! ניין, ניין. דו ביזט יעדעפרוי.

מיין גאָט! וויא דו האָסט דיך פערענדערט! דיינע באַקען זענען בלאַס און איינגעשרומפּען, אין דיינע אויגען איז מעהר נישטאָ קיין פייער, דו האָסט נישט מעהר דיין רונדע גראַציעזע פיגור. און דיינע קליידער — איך פערשטעה, דו ווילסט בעטלען ביי מיר, ליידער האָסטו אויסגעוועהלט אַ זעהר נישט פּאַסענדע צייט, אנדערע האָבען שוין היינט מיין טאַש אויסגעלעדיגט, געה ווייטער, געה!

יעדעפרוי. און וואָס איז וועגען דיא קעניגליכע געשענקע, ליעבע'ס פערשפּרעכונגען? אַ פּאַלאַסט אין מיטען שטאדט, אַ לוסט־שיף...

רייכטהום. פּוה! פּוה!

יעדעפרוי. און ציערונג צו פערשעהמען אַן אָריענטאַלישען פּרינץ...

רייכטהום. גענוג! גענוג! איך קען דיך נישט. אָה! ווער קומט דאָ? אַ פרוי, און אַליין. מעהר פּאַסענדער שפּאַס פאַר רייכטהום.

זינד ערשיינט.

(רייכטהום נעהמט אַראָב זיין הוט) גוטען אבענד, פריילין!

זינד. מיין הערר! (וויא בעליידיגט. בעטראַכט איהם, געהט דאַן צו) אָה, וויא געהט עס דיר? עס פרעהט מיך ווירקליך דיך נאָך אמאָל צו בעגריסען.

רייכטהום. דו קענסט מיך?
זינד. איך קען דיך זעהר גוט, האָסט שוין אַזוי שנעל פערגעסען?
רייכטהום. דו פאַלשע קאַץ! איך האָב דיך נאָך ניעמאַלס געזעהן. אבער דאָך, דיינע באַקען זענען פעט און רויט, דיינע אויגען שיינען מיט אַ רייצענדען פלאַם. דיין פיגור איז גראַציעז. ווילסטו פאָהרען מיט מיר?

(אב געאַרעמט מיט זינד.)

יעדעפּרוי. איך בין אַליין, אַ פערשטויסענע, אונשולד פערלאָרען,
מיין שעהנהייט טויט. און יוגענד,
מיין יוגענד! זיסע יוגענד! דער גרויזאַמער צייט
האָט זיא ערמאָרדעט.
וואָהלטהעטיגקייט זינגט. און געוויסען זינגט מיט דאָס טוידטען־געבעט.

לייבענמאַרש

וואהלטהעטיגקייט. נון, זעהט! צייט שניידט אראָב — גראַדע וויא דער בויער. מיט זיין קאָסע שניידט ער — דיא שעהנע בלומע אויף דעם פעלד.
געוויסען. זינג העי, זינג הא, אָה מאַמע!
וואהלטהעטיגקייט. דיא ליליענקנאָספּע שפּראָצט פרעהליך שטאָלץ אויף איהר שעהנהייט. דאַן קומט די נאַכט און בעדעקט זיא מיט איהר שווארצען שלייער.
געוויסען. זינג העי! זינג הא! פאַר דער דאַמע!
וואָהלטהעטיגקייט. מאַרשירט אריין, רעכטשאַפענהייט פאָלגט וואהרהייט! אין דעם קעניג פון הימעל. דער שטאַרקער בויער פון מענשליכ־קייט וועט אייך זאַממעלען פאַר זיין שפּייכלער.
געוויסען. זינג וויין, זינג וועה, פאַר דער דאַמע! (אַב אין טעמפּעל)
יעדעפּרוי. מאַרשירט אריין, רעכטשאַפענהייט פאָלגט וואַרהייט, לײדער
הערט יעדעפּרוי דיא שטימע פון וואָהלטהעטיגקייט
נאָר דאָן, ווען יוגענד און שעהנהייט זענען פון איהר אַוועק.
איז עס געוועזען אַ זינד צו זוכען ליעבע? אויב אַזוי,
מעגען אויף דיא זינדער בעטען זייערע ריכטער אום פערגעבונג.
(קניעט אין שנעע) באַרמהערציגער גאָט! דו ביזט מעהר באַרמהערציג
וויא דיא קורצזיכטיגע שטערבליכע מענשען. אורטהייל נישט יעדעפּרוי
וויא דיא וועלט אורטהיילט זיא. — אַזוי שטרענג, אַזוי אונערהערט.
וועלכע קלוגהייט האָט זיא געהאַט אום זיא צו פיהרען?
יוגענד און שעהנהייט?
אנגענעהמע געזעלשאַפט — אבער צערבראָכען שוואַך און איינגעבויגען
צו נאַרישע איינבילדונגען. אונשולד? דיא בעסטע פריינדין
פון יעדעפּרוי, אָבער פערשפּאָטעט פון יעדען מאַן.
דאָס זענען געוועזען איהרע ראַטהגעבער. זאָגאַר זיי האָבען זיא נישט געקענט
שיצען פון דער פאַלשער צונג פון שמייכעליי, און אויב
זיא פאַלט, אויב איין פאַלשער טריט פיהרט אראָב צום אבגרונד —
איהר יוגענד און שעהנהייט טויט. אָה! ווער




מאַרשירט אריין, רעכטשאַפענהייט פאָלגט קלאָהרהייט אין דעם קעניג פון הימעל.

וועט אויסשטרעקען א פריינדליכע האַנד צו פיהרען זיא צוריק?
גאָט פון באַרמהערציגקייט! אין דער גרויסער ברייטער וועלט
איז דען נישטאָ קיין האָפנונג פאַר אזוי איינע? איך רוף
נאָך הילפע! הילפע! ווער וועט מיר אַנטוואָרטען?

(ניעמאַנד איז געקומען אונבעמערקט.)

ניעמאַנד. ניעמאַנד!

יעדעפרוי. ווער האָט גערעדט? דיא שטימע! זיא האָט מיך געוואַרנט שוין לאַנג צוריק. רעד! איך וויל הערען!

ניעמאַנד. יעדעפרוי, דיא צייט
איז געקומען צו דיר, ווען ניעמאַנד איז דיין פריינד.
דו ליעבסט ניעמאַנדען. אויף ניעמאַנד'ס ברוסט
וועסטו לעגען דיין צואוועהטאָגטען קאָפּ, דיא זידענדע טרערען
מיט צערטליכקייט וועט ניעמאַנד אָבווישען. (וויל זיא אומאַרמען.)

יעדעפרוי (מיט שרעק). אָה, ניין, ניין! בעריהר מיך נישט.
איך האָס דיך! איך האָס ניעמאַנדען!
הילפע! הילפע! איז קיין הילפע דאָ? קיין אַנדערע הילפע פיר יעדעפרוי?

(וואַרהייט הינקט אַריין.)

וואַרהייט. וואָהלטהעטיגקייט! וואָהלטהעטיגקייט!

יעדעפרוי. הא! וואַרהייט! דאָס איז וואַרהייט! זיסע וואַרהייט.
יעצט קען איך דיך. ווילקאָמען! ווילקאָמען! (אומאַרמט זיא.)
אָה, זעה, וואַרהייט! וויא שעהן דו ביזט!
איך וואָלט געווינשען אז יעדעפרוי זאָל האָבען דיינע געזיכטסציגע.
אויב איך רעד פאַלש, בעשטראָף מיך. וויא? דו טראָגסט
נישט מעהר דיין בייטש? דו דאַרפסט נישט מעהר דיין קול?
גיב איהם מיר. איך בין יעצט א קריפּעל, געפאַלען אויפ'ן וועג.
נעם מיין האַנד אין דיינע.

וואַרהייט (גיט איהר האַנד). ווילסט געהן מיט וואַרהייט?

יעדעפרוי. יא, דאָס וויל איך.
פיר אימער אין וועג. (קושט וואַרהייטס האַנד. גלאָקען קלינגען)
וואָהלטהעטיגקייט! וואָהלטהעטיגקייט פיר יעדעפרוי בעט איך.

(ביידע געהען צום טעמפּעל, קאָהר זינגט אינוועניג.)

פאָרהאַנג.



וואהלטהעטיגקייט !  וואָהלטהעטיגקייט פיר יעדעפרוי !

# פינפטעס געזאנג

זעלבע סצענע וויא אין ערשטען געזאַנג. עס זעהט אבער אויס פער־נאַכלעסיגט, פענסטער פערמאַכט. דרויסען איז נאַכט. שנעע פאַלט. צימער פינסטער, עס זעהט זיך בלויז אַ שיין פון פייער וואָס ברענט אין אויוועז.

קעניג ליעבע ליעגט אויף אַ זאָפאַ, שלאָפט. איינפאַך געקליידעט, אַ קרוין פון דערנער און ראָזען געמישט ליעגט ביי זיינע פיס. דער שפּיעגעל איז צובראָכען.

(קאָהר זינגט דרויסען.)

(ניעמאַנד ערשיינט.)

ניעמאַנד. אין יעדעפרויס אמאָליגע היים, וועלכע איז יעצט לעער,
פון וואַנען שמייכעליי האָט זיא געשיקט אויף אַ רייזע אזוי שווער,
און האָט אָנגעפילט איהר נאַררישען קאָפּ מיט פערפלוכטע אידעען;
וועהרענד זיא קעמפּפט יעצט מיט דעם שטורם פון דער וועלט
ליעגט יעצט גאַנץ רוהיג אין דעם וואַרימען געצעלט
קעניג ליעבע דער ערשטער, וועלכען איהר קענט אַלע זעהן.
ער וואַרט גאַנץ געדולדיג. געדולד איז ביי איהם זיס,
זיין דערנערנע קרוין ליעגט נעבען זיינע פיס,
און מיעד פערמאַטערט פון וואַכען בייטאָג און ביינאַכט,
און וואַרטען ביז יעדעפרוי וועט צוריק אהיים קומען,
האָט ער זיך דערווייל דאָס וואַרימע געלעגער גענומען.
ליעבע מעג אויך אמאָל איינשלאָפען, האָט ער ביי זיך געטראַכט.
יעצט בלייבט מיר שוין ווייניג וואָס צו זאָגען,
מיר האָבען שוין דיא דראַמאַ באַלד איבערגעטראָגען,
איך וויל אייך נאָר אויף איין זאַך אויפמערקזאַם מאַכען,
מעג זיא צייט זאָגאַר בערויבען פון איהר יוגענד,
איוב יעדעפרוי וועט פאָלגען וואַרהייט און טוגענד,
וועט אויף איהר רוף זיכער ליעבע ערוואַכען.

(יעדעפרוי געפיהרט פון וואַרהייט, וועלכע האַלט אַ לאַטערנע. ניעמאַנד רעדט ווייטער)

דאָ קומט זיא, קוים וואָס זיא נאָך לעבט,
און צוריק צו געפינען איהר נעסט זיא שטרעבט,
און ווייסט ניט אז זיא ערוואַרטעט דאָ ליעבעס פרעהליכע געזיכט.
זיא קומט בלייכטעט פון וואַרהייט׳ס ליכט,
געפיהרט פון וואַרהייט׳ס מאַכט,
יעצט מוז איך געהן. גוטע נאַכט! גוטע נאַכט!
זאָל ניעמאַנד צוריקווייכען, ענטלויפען פון וואַרהייט׳ס ליכט. (אב.)



זאָל ניעמאַנד צוריקווייכען, ענטלויפען פון וואַהרהייט׳ס ליכט!

(וואַרהייט געהט נישט מעהר איינגעהויקערט, און טראָגט איהרע לומפּענקליידער איז איהר געזיכט שעהן. איהר לאַטערנע שיינט העל. יעדעפּרוי איז גרוי, נישט מעהר שעהן, אבער רוהיג, טראָגט וואַרהייט׳ס קולעס.)

וואַרהייט. יעדעפּרוי, דורך דער פינסטערער נאַכט
האָט דאָס ליכט פון וואַרהייט דיך געפיהרט, שוואַך און מיעד
אבער דאָך מיט זיכערע שריט.

יעדעפּרוי. וואַרהייט! וואַרהייט! דו האָסט דאָך מיך צוריקגעפיהרט אהיים!

וואַרהייט. יא, דאָ זאָלסטו דיך יעצט איין ווייניג אויסרוהען. (פיהרט זיא צו אַ שטוהל.)

יעדעפּרוי (זעצט זיך). דו וועסט מיך נישט פערלאָסען, וואַרהייט?
אָה, ניין, ניין! איך שרעק יעצט צו בלייבען אליין.

וואַרהייט. ניין, אליין דאַרפסטו נישט מעהר בלייבען.
עס איז נישט מעהר וויא רעכט אז יעדעפּרוי
זאָל קריעגען אַ מאַן, וועלכען וואַרהייט וועהלט פאַר איהר אויס.
יעצט רוה דיך אויס, דו גוטע זעעלע,
שרעק דיך נישט.
איך לאָז איבער מיין ליכט ביי דיר. (קושט זיא)
באַלד קום איך צוריק. (אב. שנעע בלאָזט אַריין ווען דיא טהיר עפענט זיך.)

יעדעפּרוי. שרעקליך איז דער שטורם, אַרום יעדעפּרויס הויז
הערשט אַ שטורמוועטער. דאָך, וואַרהייט, וועלכע ווייסט פון קיין שרעק
געהט אַוועק אליין. אָה, וואַרהייט, זיסע, נאָבלע וואַרהייט,
בלייב נישט לאַנג אַוועק פון מיר, אין קיין זאַך בין איך נישט אַזוי שטאַרק
וויא אין מיין ליעבע צו דיר. ליעבע, וואונדערבאַרע ליעבע —

(ליעבע בעוועגט זיך)

וואָס איז דאָס?
מיר שיינט איך האָב געהערט ווען אויף מיינע ליפּען האָט זיך
דאָס וואָרט ליעבע אויפגעהאַלטען. עטוואָס בעוועגט זיך,
איך וואַג נישט צו בלייבען אליין. וואַרהייט! וואַרט! איך געה מיט!
(געהט אַ שריט, בלייבט שטעהן) ניין!
איך געה נישט, וואַרהייט לאַכט פון אַ פּייגלינג.
איהר ליכט זאָל בעלייכטען יעדעפּרוי׳ס היים.
זיא וועט צוריק קומען, און דאַן וועל איך אין זיסער צופריעדענהייט
מיט וואַרהייט אויף אימער און עוויג וואָהנען.

ליעבע (שטעהט אויף). ווער האָט גערעדט פון ליעבע און וואַרהייט?

יעדעפּרוי. מיין גאָט! אַ מאַן!

ליעבע (אַפּאַרט). זיא איז עס!
(לויט) שרעק דיך נישט! אַן איינפאַכער לייב־וועכטער בין איך,
וועלכער איז פון מיעדקייט איינגעשלאָפען. און איך בעט דאַרום

אונטערטהעניגסט אום פערצייהונג. (פערנייגט זיך) זעהר שפּעט שיינט מיר.
אָבער דאָך זיי מיר הערצליך און ערנסט
ווילקאָמען. ווילקאָמען, יעדעפרוי, אין דיין היים!

יעדעפרוי. ווער ביזטו? און וויא קומסטו אהער? דו ביזט א פרעמדער.

ליעבע. ניין, אָבוואָהל דו קענסט מיך נאָך נישט, ווען דו האָסט
געוואָהנט דאָ אין דיעזער היים דיינער, בין איך דיין נאכבאר געווען, ווען אלזאָ
דו האָסט דיא היים פערלאָזט, ווער איז געוועזן מעהר פּאסענד
אום דאָ אויפצוהאלטען דיא ברענענדע פונקען אין דיין קאמין?
אום צו בעוואכען דיין ווירטהשאפט, און ערווארטען דיין צוריק קומען
אום דיך צו בעגריסען מיט א פריינדליכען ווילקאָמען?
קען דען ליעבע אויסמיידען דיעזע פפליכטען?

יעדעפרוי. ליעבע! ליעבע זאָגסטו? א נאכבאר? איך קען דיך נישט.
דאָס איז מיין היים. דו שטערסט מיר דאָ. געה בעסער פון דאנען.

ליעבע (פערנייגט זיך). אנשטענדיגקייט פאָרדערט
אז ליעבע זאָל יערעפרוי געהאָרזאם זיין. (געהט)

יעדעפרוי. און דאָך, דיא נאכט איז קאלט און פינסטער, איך בעט דיך
דענק נישט אז יעדעפרוי איז אונגאסטפריינדליך, אָבער דו זעהסט דאָך,
דו ביזט א מאן, און יעדעפרוי וועלכע האָט געזעהן דיא וועלט טרויעט נישט
דיא מענער.

(וואַרהייט)

(צו וואַרהייט) אָה, זיי מיר ווילקאָמען, וואַרהייט. קום אהער פרעמדער,
איך וויל דיך פאָרשטעלען פאר וואַרהייט.

ליעבע (האַלט אויסגעשטרעקט זיינע ארמען) מוטער!

וואַרהייט. מיין זוהן, מיין טהייערער, געליעבטער זוהן. (אומאַרמט
ליעבע.)

יעדעפרוי (ערשטוינט). דיין זוהן! איך האָב נישט געוויסט.

וואַרהייט. ניין. עס איז אונמעגליך
פאַר יעדעפרוי ביז איהרע האָאר ווערען גרוי
צו וויסען אז ליעבע איז געבאָרען פון וואַרהייט,
אז וואַרהייט איז דיא מוטער פון ליעבע.

יעדעפרוי. דו ביזט אלזאָ ליעבע!
ביזטו ווירקליך א קעניג? קעניג ליעבע דער ערשטער?
וויא איז דיין טהראָן?

ליעבע. אין דיין הערצען, יעדעפרוי.

יעדעפרוי. וויא איז דיין קעניגרייך?

ליעבע. אין יעדעפרוי'ס היים.

יעדעפרוי. וויא איז דיין קרוין?

ליעבע. ביי דיינע פיס.

יעדעפרוי (הייבט אויף די קרוין). זעה, דאָס איז דאָך נאָר א קראנץ
פון דערנער און ראָזען!

ליעבע. איך וואָלט זיא זעהר גערן אָנגעטהאָן אויף דיין שטערן.
ווילסטו זיין מיין קעניגין? ווילסטו טהיילען א קרוין אין וועלכער

פריידען בערעקען דיא ליידען, אָבער ליירען זענען פערבאָרגען,
מען זעהט זיי נישט, דאָך גאַנץ אָפט פיהלט מען זיי? אזא קרוין,
איז דיא איינציגע, וועלכע ליעבע, געבאָרען פון ווארהייט, קען דיר שענקען.

ווארהייט. ליעבע, דו האָסט גוט געוואָרט
און געדולדיג. יעדעפרוי, דו מיט יוגענד און שעהנהייט
זענט געגאַנגען אויף אַ נאַררישער רייזע, דיינע ליידען האָבען
דיך געפיהרט צו ווארהייט, ווארהייט האָט דיך צוריקגעפיהרט
צו דיין היים און ליעבע. וואָס ווילסטו יעצט?

יעדעפרוי. ניין, ווארהייט, וואָס נאָך? וואָס נאָך קען יעדעפרוי
פערלאַנגען?
איך ווינש נאָר יעצט אַז איך זאָל זיין ווערטה, אַז איך זאָל פערדיענען...
אויס איינגענליעבע האָב איך אויפגעאָפפערט
יוגענד, שעהנהייט, אונשולד, יעצט איז בלויז דיא פרוי געבליבען,
אַ שוואַכע און מיעדע פרויענזעעלע.

ליעבע. ווילסטו זיין מיין קעניגין?

יעדעפרוי. איך בין נישט ווערטה, ניין!
ניין, לאָז מיך ביי דיינע פיס בלייבען, אָה, ליעבע!
ויא שטאַרק דו ביזט! דו ערהעבסט יעדעפרוי.

ליעבע. ווילסטו זיין—

יעדעפרוי. דיין טרייער אונטערטהאַן, דו וועסט זיין מיין קעניג.
אָה, ליעבע, וויא ערעל דו ביזט!
און וויא פעסט דו האַלסט מיך. ניין, עס מאַכט נישט, האַלט מיך,
ווייל איך בין דיין, אין גאַנצען דיין! (ווילען זיך קושען)

(אונשולד קלאַפּט דרויסען.)

אונשולד. אַ נאַכטלעגער! אַ נאַכטלעגער זוך איך.

ווארהייט. אַ פערשפּעטיגטער רייזענדער קלאַפּט.

ליעבע. מיר ווילען דאָ זיין אליין.

ווארהייט. מיין זוהן, דער שנעע פאַלט שטאַרק. דיא נאַכט איז קאַלט.
יעדעפרוי, וואָס זאָגסטו?

יעדעפרוי. איך האָב ליעבע, איך האָב ווארהייט. פון יעצט אָן, יעדער
וואָס וועט קלאַפּען אין מיין טהיר,
וועט זיא געפינען אָפען, אָפען פאַר גליק און זעגען. העריין!

(ווארהייט עפענט דיא טהיר. אונשולד קומט אַריין.
יעדעפרוי לויפט צו איהר.)

אונשולד! אָה, גאָט זיי דאַנק, דו ביזט צוריק געקומען צו מיר.

(אומאַרמט זיא.)

אונשולד. איך בין ענטלאָפען, זיי האָבען מיך געבונדען, מיך
געמאַרטערט. זיי האָבען געוואָלט ערמאָרדען דיין אונשולד.

יעדעפרוי. יא, יא, אָבער אין מיין הערצען האָב איך געוויסט
גאַנץ גוט אַז דו וועסט צוריק קומען צו מיר ווען ליעבע,
וואהרע ליעבע וועט געפינען ווערען.

**וואַרהייט.** ליעבע, מיין זוהן, מיט מיר וועסטו בלייבען
ביז מאָרגען פריה, יעדעפרוי, אין דעם טעמפּעל
וויא דורך וואָהלטהעטיגקייט ווערען זינד און דומהייטען פערגעבען, דאָרט
וועל איך דיך ערוואַרטען מיט ליעבע, דאָרט וועט ליעבע
דער ערשטער, דיין קעניג, דיך קרעהנען, יעדעפרוי זיין קעניגין,
קום ליעבע! (האַלט אוים דיא הענד.)

אונשולד (האַלט אוים דיא הענד). יערעפרוי, קום!
יעדעפרוי(קושט ליעבע). ביז מאָרגען!
ליעבע (קושט זיא). ביז עס וועט ווערען טאָג.
יעדע פרוי—ליעבע. גאָט זאָל דיך שיצען.

(יעדעפרוי געהט אויף דיא שטיעגען מיט אונשולד. ליעבע געהט צו דער טהיר מיט וואַרהייט. אלע אב.)

(ניעמאַנד)

**ניעמאַנד.** דיא דראַמאַ איז געענדיגט מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט,
און איך קום אייך צו זאָגען אַלע גוטע נאַכט.
נאָר איך בעט אייך האָט נאָר אויף איין מינוט געדולד,
זייט באַרעמהערציג, זייט גערעכט, זייט ליבעראַל
צו יעדעפרוי, צו יעדער צייט און איבעראַל.
איהרע פעהלערען זענען פיעל, ניעמאַנד איז דאַראַן שולד.

פאָרהאַנג.




גאָטט זאָל דיך שיצען !

# CAST

| | | |
|---|---|---|
| Nobody | | Mr. David Kessler |
| Everywoman | | Mme. Lobel |
| Youth, | her companions | Mme. Young |
| Beauty, | her companions | Mme. Wilensky |
| Modesty | her companions | Miss Lubritzky |
| Flattery | | Mr. Hyman |
| Truth, a witch | | Mme. Tobias |
| King Love the First | | Mr. Rosenstein |
| Bluff, | theatre managers | Mr. Bernstein |
| Stuff, | theatre managers | Mr. Tobias |
| Puff, a reporter | | Mr. Simonoff |
| Wealth, a millionaire | | Mr. Young |
| Witless, a nobleman | | Mr. Schwartz |
| Conscience, Everywoman's maid | | Miss Orloff |
| Passion, a play actor | | Mr. Yuvelier |
| Time | | Mr. Nadolsky |
| Age | | Mr. Giltman |
| Vice | | Miss Bilowitz |
| Vanity | | Mme. Nadolsky |
| Self | | Mme. Brih |
| Greed | | Mme. Herman |
| Law | | Mr. Gormiza |
| Order | | Mr. Bergman |
| Charity | | Mr. Schnurmacher |

Music Under the Direction of J. BRODIE

MAX R. WILNER

PRESENTS

# EVERYWOMAN

## IN HER QUEST OF LOVE

IN YIDDISH

**in 5 Canticles**

Be merciful, be just, be fair
To Everywoman, everywhere.
Her faults are many, Nobody's the blame.


**By WALTER BROWNE**

**Translated by HENRY M. GASTWIRTH**

Music Under the Direction of J. BRODIE


**By Permission of Henry W. Savage**

---

**Produced at the David Kessler 2nd Ave. Theatre**

**By DAVID KESSLER**

**1911**

---


LIPSHITZ PRESS, 49-51 LAFAYETTE STREET, NEW YORK.